# קאַפּיטלאַך

# הקדמה

דאס בוך, וואס ווערט דא פארגעלעגט דעם לעזער, שטרעבט צו זיין איינ־ציימיג אי א לערן־בוך, אי א לייען־בוך, אי א האנט־בוך. צו ארים זיינען מיר אין וויסנשאפטליכער ליטעראטור און אין וויסנשאפטליכע כחות, אז מיר זאלן זיך קאנען דערלויבן דעם „לוקסוס" פון שאפן ספעציעלע ביכער פאר יעדן מין לעזער און פאר יעדער אַרט באדערפעניש. די חסרונות, וואס שטעקן אין דער דאזיגער פילזייטיגקייט פון בוך, זיינען גוט באקאנט דעם מחבר, נאר ער האט זיי בשום אופן ניט געקאנט אויסמיידן — און די קריטיק, ווי שטרענג זי זאל ניט זיין אין אלע איבעריגע פרטים, מוז זי אויף דעם דאזיגן חסרון פון לכתחילה אָן מוחל זיין.

אונז פעלט א בוך, וואס פון אים זאל מען קאנען לערנען מיט דערוואקסענע אויף אוונט־קורסן, אין פאלק־אוניווערסיטעטן, אין העכערע קלאסן פו מיטל־שולן דאס אידישע לעבן אויפן גרונט פון ציפערן, אויפן גרונט פון אביעקטיווע דאטן. מיר מאכן די ערשטע פראבע צו געבן אזא בוך. מיר האבן זיך געפלייסט, די שפראך זאל זיין פאפולער, צוגענגליך; יעדער ענין זאל באהאנדלט ווערן ניט „הויך־וויסנשאפטליך", נאר פשוט, אין א מענשליכער שפראך. דער טעקסט איז אומעטום געבונג אנגעזאפט מיטן אינהאלט פון די טאבעלן, אזוי אז דער ניטצוגעגרייטער לעזער, וואס קאן ניט אדער וויל ניט זיך גריבלען אין די טאבעלן, קאן זיך באגעניגענען מיטן טעקסט אליין. לכתחילה האבן מיר גע־האט בדעה צו געבן דעם טעקסט מיט צווייערליי שריפטן: מיט גרעסערן דעם צוגענגליכערן טייל פארן פשוטערן תלמיד און מיט קלענערן שריפט דעם האַר־בערן טייל פארן העכערן מין תלמיד. ס'האט זיך אבער ארויסגעוויזן פאר זעהר שווער דאס דורכצופירן, און די דאזיגע ארבעט פון צופאסן זיך צום קאנקרעטן תלמיד האט געמוזט איבערגעלאזט ווערן פאר דעם לערער גופא. דער לערער, האבנדיג פאר זיך דעם לעבעדיגן קלאס מיט תלמידים, וועט אליין בעסער קאנען

באשטימען, וועלכע קאפּיטלאך אדער זייטלאך דארפן דורכגעלאזט ווערן גאר אין גאנצן אדער איבערגעלאזט ווערן צום סוף. ווען דער קלאס וועט שוין זיין מער אדער ווייניגער צוגעגרייט צום ענין. נאך יעדן קאפּיטל קומען פֿראַגעס, וואס געבן א מעגליכקייט דעם לערער צו איבערחזרן דאס דורכגעלערנטע און אויך צו קאנטראלירן די קענטעניש פון די תּלמידים.

דאס בוך וויל אבער זיין אויך א לייען־בוך — א לייען־בוך פאר טיפּיש אידישן נית־דיפערענצירטן לעזער. אט דער אידישער לעזער האט געוויס א אינ־טערעס צוויסן, וויפיל אידן זיינען דא אויף דער וועלט, וואו וואוינען זיי, מיט וואס פארנעמען זיי זיך, ווי גרויס איז די צאל געבוירטן און ווי גרויס איז די שטארבליכקייט ביי אידן, ווי איז דער קולטורעלער צושטאנד פון פארשיידענע טיילן און פון פארשיידענע קלאסן פון פאלק און צענדליגער אנדערע אזעלכע פֿראַגעס. געבן אט דעם לעזער אין א פאפּולערער פארם א בילד וועגן אט די אלע זייטן פון אידישן לעבן אויפן גרונט פון ציפערן, באלויכטן און אילוסטרירט מיט ציפערן; געבן דאס אלץ אין אזא פארם, אז ער זאל עס קאנען גרינג איבערלייענען און, אפשר ניט געדענקנדיג קיין איינצעלקייטן, באקומען א קלארע און לעבעדיגע אלגעמיינע פארשטעלונג וועגן קאנקרעטן אידישן פאלק — אט דאס איז איינער פון די צילן פון בוך.

און נאך א זאך. אונז פעלט א האנט־בוך פארן לערער, פארן פּאליטישן טוער, פארן שרייבער, פארן לעקטאר. א האנט־בוך, אין וועלכן יעדערער זאל קאנען געפינען די דאטע און די ציפער, וואס ער האט נויטיג. ער זאל גע־פינען מעגליך די לעצטע דאטע און די לעצטע ציפער. און ניט נאר די לעצטע. זי דארף נאך דערצו זיין דערגאנצט און דערפילט אדער לכל הפחות באלויכטן פון דאטן און ציפערן פון א פריהערדיגער היסטארישער עפּאכע. צו דעם האט געשטרעבט דער מחבר און האט צוגעלעגט ניט ווייניג מיה און אר־בעט, כדי וואס אפטער צו פארגלייכן דעם איצטיגן צושטאנד מיט דער פאר־גאנגענהייט.

אָט דאס זיינען אין קורצן די צילן, וואס דער מחבר האט זיך געשטעלט אין פארגעלעגטן בוך. אויף וויפיל דאס אלץ האט זיך אים איינגעגעבן, זאלן אנדערע משפטן.

פארן לעזער ליגט דערוויל נאר דער ערשטער טייל, וועלכער בעמט ארום, אזוי צו זאגן, די געאגראפיע פונם אידישן פאלק. דער צווייטער טייל וועט זיין געווידמעט דער אידישער דעמאגראפיע — דעם געשלעכטליכן און

עלטער־צוזאמענשטעל פונם אידישן פאלק; דער נאטירליכער באוועגונג פון אידישן פאלק (געבורטן, טויט־פאלן און חתונות; טויט־געבורטן און ממזרים; שמדן און געמישטע חתונות); דער מעכאנישער באוועגונג פון אידישן פאלק (עמיגראציע און אימיגראציע). דער דריטער טייל וועט זיך אפגעבן אין גאנצן מיט דער אידישער עקאנאמיק — מיט דעם פראפעסיאנעלן צוזאמענשטעל פון אידישן פאלק; מיט די סאציאלע גרופעס און קלאסן; מיט די פראפעסיאנעלע און עקאנאמישע ארגאניזאציעס א. א. וו. א. א. וו. דער פערטער טייל וועט זיין געווידמעט דער אידישער קולטור — דעם בילדונג־צושטאנד ביי פארשיידענע טיילן און קלאסן פון פאלק; די שול־אנשטאלטן; דעם אלפאבעטיזם און אנאלפאבעטיזם; די קולטורעלע ארגאניזאציעס און אינסטיטוציעס א. א. וו. א. א. וו.

אט דאס וועט זיין דער אינהאלט פון בוך, וואס דארף, לויט זיין אידייע, געבן מאטעריאל וועגן אלע זייטן פון לעבן פון אידישן פאלק; מאטעריאל ציפערדיגן, סטאטיסטישן, אביעקטיוון. שוין לאנג צייט, אז דער אידישער לעזער זאל באקומען ניט נאר מיינונגען און שטימונגען, נאר אויך אביעקטיוון מאטעריאל, אביעקטיוון שטאף, וואס זאל קאנען געלעגט ווערן אין יסוד פון זיינע אייגענע דורכגעטראכטע מיינונגען, פון זיינע אייגענע איבערגעלעבטע און דורכגעלעבטע שטימונגען.

מיר פרעטענדירן ניט אויף דער קאלטער הויכער אביעקטיווקייט, וואס מאכט אין גאנצן טויט דעם מאטעריאל, וואס נעמט ארויס די לעבעדיגע נשמה פון די סטאטיסטישע רייהען. מיר מיינען אבער, אז מיר זיינען געוועזן גענוג אביעקטיוו און האבן געגעבן דעם לעזער דעם מאטעריאל אין אזא פארם, אז ס'איז געבליבן גענוג ארט פאר זיין זעלבשטענדיגן טראַכטן און פאר זיין זעלבשטענדיגן אויסטייטשן פון דעם זינען און אינהאלט פון די ציפערן און דאטן.

אין גאנצן בוך האבן מיר זיך געהאלטן ביי דער לאגע, וואס איז געוועזן פאר דער מלחמה. וואלטן מיר געוואלט זיך רעכענען מיט די פאליטישע, עקאנאמישע און קולטורעלע ענדערונגען, וואס זיינען פארגעקומען פאר די יארן פון דער מלחמה און פון די רעוואלוציעס, וואס האבן זי באגלייט — ענדערונגען, וואס זייער סוף זעהט מען נאך ניט, וואלטן מיר געמוזט זיך אין גאנצן אפזאגן פון אונזער ארבעט. די גרעניצן פון די מלוכות זיינען נאך ניט פעסטגעשטעלט; מיר ווייסן נאך ניט אפילו, וויפיל נייע מלוכות וועלן צוקומען אדער אומקומען אין דער וועלט; די עקאנאמישע חורבנות און עקאנאמישע אויפטוען פון דער

מלחמה און פון די רעוואלוציעס קאנען נאך וויניגער אויסגערעכנט אדער אונטערגערעכנט ווערן; און קאן מען דאן בײַ היינטיגן מאמענט, ווען די אלטע וועלט ראנגלט זיך מיט דער נייער, אונטערפירן א סך־הכל דער קולטורעלער רעוואלוציע, וואס איז פארגעקומען אין דער גאנצער מענשהייט פאר די לעצטע יארן? די כוואליעס פון לעבנס־ים, וואס האבן זיך ארויסגעריסן פון די ברעגעס, קאנען ניט נעציילט און ניט געוואוגן ווערן. מיר האָבן געמוזט דעריבער זיך אפשטעלן פאר דער מלחמה — און פשוט איגנארירן דערוויַיל דאס אלץ, וואס ס'האט זיך געביטן און געענדערט פאר די לעצטע פינף יאר.

אונזער ארבעט איז די ערשטע פון אזא אַרט ניט נאר אין דער אידישער שפראך. רופינס „די יודען דער געגענווארט“ און פאסמאניקס „דער גורל פון אידישן פאלק“ זיינען ביכער, וואס באנוצן אין א גרויסער מאס סטאטיסטישע דאטן, נאר אבער אויף אזוי פיל און אזעלכע, אויף וויפיל די דאזיגע דאטן אילוסטרירן און באווייזן זייערע גרונט־אידייען און גרונט־טענדענצן. דאס זיינען ציוניסטישע ביכער מיט א סך סטאטיסטישן מאטעריאל, אבער ניט קיין ווערק, וואס זאלן זיך שטעלן פאר א ציל געבן דעם לעזער דעם גאנצן מאטעריאל וועגן אלע טיילן און קלאסן פון אידישן פאלק. מיר מאכן די ערשטע פראבע — אהן א ספק וועט אונזער בוך אַרויס ניט אהן חסרונות און אהן דעפעקטן. נאך א זאך — דאס ווערק איז געשריבן אין קיעוו, אין א שטאט, וואו ס'איז אפט אוממעגליך געווען צו באקומען דעם נויטיגסטן בוך, דעם נויטיגסטן דאקו־מענט; א שטאט, וואו ס'איז ניט צובאקומען, למשל, אין קיין שום ביבליאטעק דעם איינציגן אידישן סטאטיסטישן זשורנאל „צייטשריפט פאַר דעמאגראפיע און סטאטיסטיק פון אידן“. נאך ערגער פונם ארט איז געווען די צייט, ווען מיר האבן אונזער אַרבעט פארטיג געמאכט. ס'איז גענוג צו זאגן, אז פאר די חדשים, וואס דאס ווערק איז ענדגילטיג פארענדיגט געווארן, האט קיעוו איבער־געלעבט דריי איבערקערענישן און אוקראינע עטליכע הונדערט פאגראמען.

אט ביי וואסערע באדינגונגען ס'איז אויסגעקומען צו ארבעטן. און דאס אלץ האט, נאטירליך, געמוזט ווי ניט איז ווירקן אויף דער ארבעט. אפלייגן אבער די גאנצע זאך אויף בעסערע צייטן; אפווארטן, ביז וואנען ס'וועלן קומען בעסערע אַרט־באדינגונגען — ווער ווייסט ווען דאס וועט זיין?

קיעוו, 19 5/IX. 19      י. ל.

## קאפיטל I

# די צאל אידן אין דער וועלט.

וויפיל זיינען פאראן איצט אידן אין דער גאנצער וועלט?

אט דאס איז די ערשטע וויכטיגע פראגע, וועלכע מע מוז פארענטפערן, נאך איידער מע טרעט צו אויפצוקלערן, ווי די פארשפרייטונג פון אידן אין פאר־שיידענע מקומות, אזוי אויך דעם אינעווייניגסטן בוי פון אידישן פאלק. אויף דער דאזיגער ערנסטער פראגע קאן מען אבער געבן נאר א בערכ'דיגע תשובה און אט פארוואס. ראשית, זיינען פאראן א סך מלוכות, וואו אידן זיינען דא אין א גאנץ גרויסער צאל און וואו ס'איז נאך עד היום נישט געווען קיין איין פאלקס־ציילונג (כמעט אלע מלוכות אין אזיע, די גרעסטע צאל מלוכות אין אפריקע); שנית, זיינען פאראן א סך מאדערנע לענדער, וואו ביי די פאלקס־ציילונגען ווערט נישט אנגעוויזן, צוליב פאלשע אדער נאאיווע פאליטישע טעמים, נישט די נאציאנאליטעט, נישט די רעליגיע, און די צאל אידן אין די דאזיגע לענדער קאן אויך נישט אנגעוויזן ווערן מיט דער געהעריגער פינקטליכקייט (ענגלאנד, די פאראייניגטע שטאטן, פראנקרייך און אנדערע); און דריטנס, זיינען פאראן אייניגע לענדער, וואו די לעצטע פאלקס־ציילונגען זיינען פארגעקומען צוריק מיט צוואנציג אדער נאך מער יארן, און פאר דער דאזיגער צייט זיינען פארגעקומען וויכטיגע ענדערונגען אין דער צאל אידן. נעמען מיר, למשל, רוסלאנד, וואו ס'געפינט זיך כמעט א העלפט פון אלע אידן פון דער גארער וועלט, איז די לעצטע פאלקסציילונג געווען אין 1897־טן יאר, און פאר די פארגאנגענע צוויי און צוואנציג יאר זיינען געווים פארגעקומען גרינדליכע שינוים. דער נאטירליכער צוואקס, די עמיגראציע, די צוויי מלחמות, די צוויי רעוואלוציעס און די פאגראמען — די דאזיגע אלע געשעהענישן האבן דאך א סך איבערגעביטן אין דעם פרט.

נישט געקוקט אויף די אלע אויסגערעכנטע חסרונות און דעפעקטן, מוז מען זאגן, אז די אלגעמיינע צאל אידן, וואס ווערט אנגעוויזן פון פארשיידענע סטא־טיסטיקער, איז דאך קרוב לאמת און אנטשפרעכט אין א גענוג גרויסער מאס דער ווירקליכער לאגע פון דער זאך. מיר וועלן זיך דא נישט אפשטעלן אויף

די מעטאדן און השערות, וואס ווערן איסגענוצט פון פארשיידענע סטאטיסטיקער ביים פעסטשטעלן די בערך׳דיגע צאל אידן אין דער וועלט, — מיר וועלן נאר צוגעבן, אז די וויסנשאפטליכע סטאטיסטיק ווייזט אן גענוג מיטלען און דרכים, ווי אזוי אויסצומיידן גרויסע טעותן און ווי אזוי צו מאכן די השערות און אויסרעכענונגען וואס נאהענטער צום אמת.

לויט די השערות און אויסרעכענונגען פון טריטש איז אין 1915־טן יאָר געווען אויף דער גארער וועלט — 14,340,000 אידן. לויט די דאטן, וואס זיינען געווען פובליקירט פון אידישן סטאטיסטישן קאמיטעט אין האַאַג, קומט אויס, אז אין 1915־טן יאר איז געווען 13,800,000 אידן.

ס׳איז קלאר, אז דאס אידישע פאלק באשטייט ביי היינטיגן טאג ניט ווייניגער ווי פון 14 מיליאן נפשות. דאס איז אזא צאל, צו וועלכער די אידישע נאציע האט ניט דערגרייכט אפילו אין די בעסטע און שענסטע פעריאדן פון איר געשיכטע. צו דער צייט פון חורבן בית שני זיינען געווען אידן אין דער גארער וועלט בערך פון 4½ ביז 5 מיליאן נפשות — דאס איז די מאקסימאלסטע ציפער, צו וועלכער די צאל אידן איז דערגאנגען פאר דער גאנצער עפאכע פון דער אלטער אידישער געשיכטע. אין משך פון לאנגען גלות ביזן 17־טן יאר־הונדערט האט זיך די צאל אידן ניט נאר ניט פארגרעסערט, נאר א סך פאר־קלענערט. די גרויסע שטארבליכקייט, די שמדן, די רדיפות און הריגות, שחיטות און נגישות האבן געבראכט דערצו, אז צום סוף פון 17־טן יארהונדערט איז געווען אויף דער גארער וועלט קוים איין מיליאן אידן. און ערשט אין 18־טן און דער עיקר אין 19־טן יארהונדערט זיינען באשאפן געווארן די עקאנאמישע און פאליטישע באדינגונגען, וועלכע האבן געגעבן א מעגליכקייט דעם אידישן פאלק צו פארגרעסערן זיך אין צאל און דערגרייכן די גרויסע ציפער פון 14 מיליאן נפשות. אין משך פון 18־טן יארהונדערט איז די צאל אידן אויסגעוואקסן בערך 2½ מאל, און האט דערגרייכט צום סוף פון דעם יארהונדערט ביז 2½ מיליאן נפשות. אין משך אבער פון 19־טן יארהונדערט איז די צאל אידן פארגרעסערט געווארן פון 4 ביז 5 מאל און האט דערגרייכט צום אנהויב פון 20־טן יאר־הונדערט ביז 12 מיליאן נפשות.

דער יערליכער צוּוואקס פון אידן אין דער גאנצער וועלט איז געווען, פאר דער וועלט־מלחמה, ניט ווייניגער פון 180 טויזנט נפשות, ד. ה. אז אלע זעקס יאר איז צוגעקומען בערך א מיליאן אידן.

אין משך פון גאנצן מיטלאלטער און אפילו אין אנהויב פון דער נייער

צייט איז דער וואוקס פון אלע אייראפייאישע פעלקער געווען קליין און נישטיג.
די גרויסע שטארבליכקייט, די אפטע מגפות און עפידעמיעס און די לאנג־יאריגע שרעקליכע מלחמות פלעגן אפט איינשלינגען און פארניכטן א סך מער מענשן, ווי דער נאטירליכער צוזואקס פלעגט געבן. ערשט אין ניינצטן יארהונדערט הויבט זיך אן א גרויסער צוזואקס ביי אלע אייראפייאישע פעלקער. אין 1804־טן יאר איז געווען אין אייראפע 191 מיליאן מענשן. אין 1910־טן יאר איז שוין געווען אין אייראפע — 452 מיליאן נפשות, כמעט 2½ מאל מער. געבן מיר צו צו די אייראפייאישע איינוואוינער נאך די אמעריקאנישע הונדערט מיליאן, — ווייל דער גרעסטער רוב פון די לעצטע איז אדער געקומען אליין פון אייראפע אדער ער קומט ארויס פון אייראפייאישע עלטערן, — און מיר וועלן באקומען, אז די אייראפייאישע פעלקער זייגען אויסגעוואקסן פון 191 מיליאן אין 1804־טן ביז 552 מיליאן אין 1910־טן יאר, ד. ה. אז זיי האבן זיך פארגרעסערט כמעט אויף דריי מאל.

די צאל אידן איז אויסגעוואקסן אין משך פון 19־טן יארהונדערט צוויי מאל שטארקער, ווי די צאל פון אלע אייראפייאישע פעלקער. מיט וואס דערקלערט זיך דאס? די הויפט־סיבה דערפון באשטייט אין דעם, וואס אין משך פון גאנצן 19־טן יארהונדערט איז ביי אידן אומעטום די שטארבליכקייט באדייטנד קלענער, ווי ביי די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן. ווי מיר וועלן זעהן שפעטער, איז אפילו אין די ארימסטע קווארטאלן פון די גרויסע שטעט די שטארבליכקייט ביי די אידן פון די דאזיגע ערטער א סך קלענער, ווי ביי דער ניט־אידישער באפעלקערונג. און פארגלייכט מען די שטארבליכקייט ביי די אידישע רייכע קלאסן מיט דער שטארבליכקייט ביי די זעלביגע קלאסן פון דער ארומיגער באפעלקערונג, באקומט מען אויך דעם אייגענעם רעזולטאט.

פארשטייט זיך, אז די קלענערע שטארבליכקייט ביי דער אידישער באפעלקערונג איז ניט קיין רעזולטאט פונם מיסטישן ראסן־גייסט אדער פונם מאראלישן „רוח היהדות“. ס'זיינען פאראן א סך ערדישערע און דעריבער פארשטאנדליכערע דערקלערונגען. אויף איינע פון זיי וועלן מיר דא אנווייזן. דאס אידישע פאלק טרעט אריין אין קאפיטאליסטישן 19־טן יארהונדערט מיט א געוויסער אימוניטעט הן בנוגע צו דער שטאט, וואס ווערט דער צענטר פון גרויסע קאמפאקטע מאסן, הן בנוגע צו די שטאטישע פראפעסיעס, וועלכע הויבן אן באשעפטיגן צענדליגער מיליאנען מענשן. דער איד קומט פון שטאט און שטעטל, פון שיינק און קראם, פון קלייט און ווארשטאט; די ניט־אידישע

באפעלקערונג קומט פון דארף און מאיאנטעק, פון אקער־אייזן און באל־סאלאן. די נייע לופט פון דער שטאט און פון די שטאטישע פראפעסיעס האט געמוזט דעריבער גאר אנדערש ווירקן אויף דער ניט־אידישער באפעלקערונג, ווי אויף דער אידישער. און די דאזיגע נייע שטאטישע לופט האט געוויס א סך מעלות, נאר אויך ניט ווייניג חסרונות. די איינגעשאפט אין די שמאלע שטאטישע גאסן און געסלאך, די סַמיענדיגע לופט פון די פאבריקן און ווארשטאטן — דאס אלץ האט א שטארקן איינפלוס אויף דער שטארבליכקייט פון די איינוואוינער. און נאָס ווייניגער דער אדער יענער טייל פון דער באפעלקערונג איז צוגעפאסט צו די דאזיגע פארפעסטעטע געסלאך און צו דער פארסַמטער לופט פון די פאבריקן און ווארשטאטן, אלץ גרעסער איז ביי אים די שטארבליכקייט.

## פראגעס.

1. פארוואס קאן מען ניט וויסן גענוי די צאל אידן אין דער וועלט?
2. אין וועלכע מלוכות זיינען גאר ניט פארגעקומען קיין פאלקס־ציילונגען?
3. אין וועלכע מלוכות ווערט ניט אנגעוויזן ביי די ציילונגען ניט די נאציאנאליטעט, ניט די רעליגיע?
4. ווי לאנג איז שוין ניט געווען קיין פאלקס־ציילונג אין רוסלאנד?
5. וויפיל זיינען פאראן בערך אידן אויף דער גארער וועלט?
6. וויפיל זיינען געווען אידן צו דער צייט פון חורבן בית שני?
7. וויפיל זיינען געווען אידן צום סוף פון 17־טן יארהונדערט?
8. וואסערע סבות האבן גורם געווען אין דער פארקלענערונג פון דער צאל אידן?
9. ווען הויבט זיך אן דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג?
10. אויף וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די צאל אידן אין 18־טן יאר־הונדערט? אין 19־טן יארהונדערט?
11. ווי גרויס איז געווען דער יערליכער צוואוקס ביי דער גאנצער אידישער נאציע פאר דער מלחמה?
12. אויף וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די אייראפייאישע באפעל־קערונג פארן 19־טן יארהונדערט?
13. פארוואס איז ביי אידן געווען דער צוואוקס שטארקער?
14. ווי דערקלערט זיך די קלענערע שטארבליכקייט ביי דער אידישער באפעלקערונג?

קאפיטל 2.

# אידן אין פארשיידענע לענדער און מלוכות.

מיר האבן געזעהן, אז אין דער גארער וועלט זיינען פאראן בערך 14 מיליאן אידן. ווי זשע זיינען די דאזיגע 14 מיליאן אידן פארשפרייט אדער צעשפרייט איבער דער וועלט? צוליב די שוין אויבן אויסגערעכנטע סבות וועלן מיר קאנען געבן מער אדער ווייניגער גענויע ידיעות וועגן דער צעטיילונג פון די אידן אין פארשיידענע לענדער און מלוכות נאר בנוגע צו העכער 12 מיליאן נפשות.

טאבעלע I

## די צאל אידן אין פארשיידענע לענדער און מלוכות.

| מלוכות | אבסלוטע צאל | % פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג | % פון אלע אידן | יאר |
|---|---|---|---|---|
| I. איראפע: | | | | |
| אייראפייאיש־רוסלאנד (מיט פוילן) | 5 110 548 | 4,97 | 42,08 | 1897 |
| עסטרייך | 1 313 687 | 4,60 | 10,82 | 1910 |
| אונגארן | 932 406 | 4,46 | 7,68 | 1910 |
| דייטשלאנד | 615 021 | 0,95 | 5,06 | 1910 |
| רומעניע | 266 652 | 4,48 | 2,20 | 1899 |
| ענגלאנד מיט אירלאנד | 244 696 | 0,58 | 2,01 | 1911 |
| אייראפייאישע טערקיי | 188 896 *) | 3,20 | 1,56 | 1904 |
| האלאנד | 106 409 | 1,82 | 0,88 | 1909 |
| פראנקרייך | 100 000 | 0,26 | 0,82 | 1906 |
| בעלגיע | 50 000 | 0,67 | 0,41 | 1910 |
| איטאליע | 43 924 | 0,13 | 0,36 | 1911 |
| בולגאריע | 40 118 | 0,93 | 0,33 | 1910 |
| שווייץ | 19 023 | 0,51 | 0,16 | 1910 |
| באסניע־הערצאגאווינע | 11 850 | 0,62 | 0,10 | 1910 |

*) נאך די צוויי באלקאנישע מלחמות זיינען אריבער אידן צו אנדערע מלוכות; גריכענלאנד — 73 930; בולגאריע — 12 100; אלבאניע — 11 000.

| מלוכות | אבסלוטע צאל | % פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג | % פון אלע אידן | יאר |
|---|---|---|---|---|
| גריכנלאנד | 6 127 | 0,23 | 0,05 | 1907 |
| סערביע | 5 729 | 0,23 | 0,05 | 1900 |
| דענעמארק | 5 164 | 0,18 | 0,04 | 1911 |
| שפאניע | 4 000 | 0,02 | 0,03 | 1900 |
| שוועדן | 3 912 | 0,07 | 0,03 | 1900 |
| איבעריגע מלוכות | 5 360 | — | 0,04 | — |
| **ס"ה אין אייראפייאישע מלוכות** | **9 073 522** | — | **74,71** | — |
| **II. אזיע:** | | | | |
| אזיאטישע טערקיי | 256 895 | 1,16 | 2,12 | 1904 |
| אזיאטיש־רוסלאנד | 105 257 | 0,46 | 0,87 | 1897 |
| פערסיע | 40 000 | 0,47 | 0,33 | 1912 |
| אפגאניסטאן, בוכארא און כיווא | 18 435 | 0,002 | 0,15 | 1908 |
| אינדיע | 21 327 | 0,006 | 0,18 | 1911 |
| כינא און יאפאן | 2 143 | 0,00 | 0,02 | 1910-12 |
| איבעריגע מלוכות | 274 | 0,00 | 0,00 | — |
| **סך־הכל אין אזיאטישע מלוכות** | **444 331** | — | **3,67** | — |
| **III. אפריקע:** | | | | |
| מאראקא | 150 000 | 3,00 | 1,23 | 1908 |
| אלזשיר | 70 271 | 1,26 | 0,58 | 1911 |
| טונים | 50 383 | 2,61 | 0,41 | 1911 |
| מצרים | 38 635 | 0,34 | 0,32 | 1907 |
| אבעסיניע | 25 000 | — | 0,21 | 1908 |
| קאפלאנד | 19 537 | 0,81 | 0,16 | 1904 |
| טריפאלי | 18 660 | 3,50 | 0,15 | 1911 |
| טראנסוואל | 15 478 | 1,15 | 0,13 | 1904 |
| איבעריגע מלוכות | 3 126 | — | 0,03 | — |
| **ס"ה אין אפריקאנישע מלוכות** | **391 090** | — | **3,22** | — |

| מלוכות | אבסאלוטע צאל | % פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג | % פון אלע אידן | יאר |
|---|---|---|---|---|
| IV. אמעריקע: | | | | |
| פאראייניגטע שטאטן | 2 044 762 | 2,19 | 16,84 | 1910 |
| ארגענטינע | 75 000 | 0,01 | 0,62 | 1910 |
| קאנאדע | 74 564 | 1,03 | 0,61 | 1911 |
| מעקסיקא | 9 872 | 0,007 | 0,08 | 1912 |
| קובא | 4 000 | 0,19 | 0,03 | 1910 |
| בראזיליע | 3 000 | 0,01 | 0,02 | 1910 |
| איבעריגע מלוכות | 4 675 | — | 0,04 | — |
| **ס״ה אין אמעריקאנישע מלוכות** | **2 215 873** | — | **18,24** | — |
| V. אויסטראליע: | | | | |
| אויסטראלישע שטאטן | 17 287 | 0,40 | 0,14 | 1911 |
| ניי־זעלאנד | 2 128 | 0,21 | 0,02 | 1911 |
| **ס״ה אין אויסטראלישע מלוכות** | **19 415** | **0,35** | **0,16** | **1911** |
| **סך־הכל אין דער גאנצער וועלט** | **12 144 231** | — | **100,00** | — |

טאבעלע נומער I גיט א גענויע רשימה פון אלע מלוכות, וואו אידן וואוינען. פון דער דאזיגער טאבעלע זעהט מען, אז אידן זיינען צעשפרייט איבער דער גאנצער וועלט. אין דער טאבעלע אליין זיינען אויסגערעכנט כמעט 50 מלוכות, און מיר האבן נאך א סך קלייניטשקע מלוכות, וואו ס׳וואוינען נאר קליינע גרופעס אידן, פאראייניגט אונטערן נאמען „אנדערע מלוכות״. פונ־דעסטוועגן וואלט געווען א טעות צו מאכן אן אויספיר, אז אידן זיינען אזוי צעזייט און צעשיט איבער דער גאנצער וועלט, אז זיי פארמאגן ניט אין ערגיץ ניט קיין געדיכטע קאנצענטרירטע קאמפאקטע מאסן. לאמיר נאר צוגיין קאנקרעטער צו דער געבראכטער טאבעלע I — און מיר וועלן ווערן נאהענטער צום לעבעדיגן לעבן.

ראשית, ווי טיילט זיך פאנאנדער די אידישע נאציע אין די פארשידענע וועלט־טיילן?

דאס ווייזט אונז פאלגנדיגע טאבעלע.

טאבעלע II

## די אבסאלוטע און רעלאטיווע צאל אידן אין פארשיידענע וועלט־טיילן.

| וועלט־טייל | אבסאלוטע צאל | % פון אלע אידן |
|---|---|---|
| אייראפע | 9 073 522 | 74,71 |
| אמעריקע | 2 215 873 | 18,24 |
| אזיע | 444 331 | 3,67 |
| אפריקע | 391 090 | 3,22 |
| אויסטראליע | 19 415 | 0,16 |
| **סך־הכל** | **12 144 231** | **100,00** |

קרוב צו דריי פערטל פון אלע אידן פון דער וועלט געפינען זיך אין אייראפע; אין אמעריקע זיינען פאראן כמעט א פינפטל פון אלע אידן פון דער וועלט, און אין אלע דריי איבעריגע וועלט־טיילן זיינען ד'א סך־הכל עפּיס מער פון 7 % פון די אידן פון דער גארער וועלט.

אין אייראפע מאכן די אידן אויס בערך צוויי פּראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג; אין אמעריקע קרוב צו 2½ פראצענט פון אלע איינוואוינער; אין אלע איבעריגע וועלט־טיילן מאכן די אידן אויס גאר א נישטיגן פּראצענט.

פון גאנצע וועלט־טיילן לאמיר איצט איבערגיין צו איינצלנע מלוכות.

אין דריי אייראפּייאישע מלוכות — רוסלאנד (מיט פוילן) עסטרייך און אונגארן — געפינען זיך מער פון 60 פּראצענט פון אלע אידן פון דער וועלט און מער פון 80 פּראצענט פון אלע אייראפּייאישע אידן. אין די פאראייניגטע שטאטן פון אמעריקע געפינען זיך א זעקסטל פון אלע אידן פון דער וועלט און 92 פּראצענט פון אלע אמעריקאנער אידן. ס'קומט אלזא אויס, אז אין פיר מלוכות — רוסלאנד (מיט פוילן), עסטרייך, אונגארן און די פאראייניגטע שטאטן פון אמעריקע — זיינען קאנצענטרירט מער פון דריי פערטל — 77,43 % — פון אלע אידן פון דער גאנצער וועלט. אין די דאזיגע פיר מלוכות מאכן די אידן אויס בנוגע צו דער אלגעמיינער באפעלקערונג:

1. אין רוסלאנד 4,97 %*)
2. אין עסטרייך 4,60 %

*) גאר אייראפּייאיש־רוסלאנד.

3. אין אונגארן 4,46%

4. אין די פאראייניגטע שטאטן 2,19%

ווייניגער פון פינף פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג — דאס איז זעהר א קליינער חלק, וועלכער וואלט געקאנט בטל ווערן בששים. לאזט זיך אבער אויס, אז אין יעדער מלוכה חורט זיך איבער בזעיר אַנפּין די זעלבע ערשיינונג, וועלכע מיר האבן נאר וואס געזעהן בנוגע צו דער צעשפּרייטונג פון אידן איבער דער גאנצער וועלט: דער גרעסטער טייל אידן איז קאנצענטרירט אין איינעם אדער צוויי ראיאנען און נאר דער קלענסטער חלק איז צעזייט און צעשפּרייט איבער די ברייטע שטרעקעס פון יעדער גרויסער מלוכה.

פון 5 110 548 אידן, וואס האבן געוואוינט אין אייראפּייאישן רוסלאנד (מיט פוילן) אין 1897־טן יאר, זיינען געווען אין די 25 גובערניעס פון אמאָ־ליגן אידישן תחום — 4 899 327 אדער מער פון 95 פּראצענט. אין די דאזיגע 25 גובערניעס האבן אידן אויסגעמאכט 11,60 פּראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג, און אין פוילן באזונדער גענומען האט דער פּראצענט אידן דער־גרייכט אין 1897־טן יאר ביז 14,10. אין איינצלנע גובערניעס איז דער פּראַ־צענט אידן געווען נאך העכער: אין מינסקער גוב. — 16,06 פּראצ.; אין גראדנער גוב. — 17,49; אין ווארשעווער 18,22 פּראצענט.

פון 1 313 687 עסטרייכישע אידן האבן געוואוינט אין דריי פּראווינצן — גאליציע, בוקאווינע און נידער־עסטרייך — 1 160 684 אידן, וואס מאכן אויס מער פון 88 פּראצענט פון אלע עסטרייכישע אידן. און אין די דאזיגע דריי פּראווינצן האבן אידן אויסגעמאכט לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג: אין נידער־עסטרייך — 5,23 פּראצענט; אין גאליציע — 10,88 און אין בוקאווינע — 12,86 פּראצענט.

אין שטאָט ניו־יארק געפינט זיך איצט געוויס צוויי דריטל פון אלע אמערי־קאנער אידן, און אין דעם דאזיגן שטאָט מאכן די אידן אויס קרוב צו 20 פּראַ־צענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג.

אין פּאלעסטינע זיינען געווען אין 1910־טן יאר קרוב צו 90 טויזנט אידן, מער פון א דריטל פון אלע אידן, וואס האבן זיך געפונען אין דער אזיאטישער טערקיי, און אין דעם דאזיגן טייל פון דער טערקישער מלוכה האבן אידן גע־בילדעט 14 פּראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג.

פון 615 021 דייטשע אידן זיינען געווען אין פּרייסן — 415 867 אדער מער פון צוויי דריטל פון אלע אידן פון דער דייטשער מלוכה.

מען מוז קומען צום אויספיר, אז אין יעדער מלוכה, ווי גרויס אדער קליין זי זאל ניט זיין און ווי גרויס אדער קליין ס'זאל ניט זיין אין איר די צאל אידן, איז פאראן אזא ראיאן, וואו די אידן פון דער געגעבענער מלוכה זיינען געאָגראפיש מער אדער ווייניגער קאנצענטרירט. געאָגראפיש דארף מען דאס ניט פארשטיין אין זינען פון א גאנצן פלאץ, וואס ער איז פארנומען מיט א אידישער מערהיים, נאר אין אן אנדער פשט — די מערהיים פון די אידן פון דער געגעבענער מלוכה געפינען זיך קאנצענטרירט אויף א באשטימטן געאָגראפישן שטח, נאהענט איין קהלה צו דער אנדערער, אין שטענדיגער קעגנזייטיגער ווירקונג און פארבינדונג, אין א אייגגען עקאנאמישן און קולטורעלן צוזאמענהעפט און צוזאמענבונד.

דער דאזיגער אמת וועט אונז ווערן א סך קלארער, ווען מיר וועלן די פראגע וועגן דער אידישער קאנצענטרירקייט שטעלן נאך קאנקרעטער. די ראיאנען און פראווינצן, וועגן וועלכע מיר האבן גערעדט ביז אהער, באשטיין פון דארפישע, שטעטלשע און שטאטישע פונקטן, און אויב ביי דער ניט-אידישער באפעלקערונג בילדן די שטאטישע איינוואוינער אין דער גרעסטער צאל מלוכות מערסטנטיילס א מינדערהייט, איז ביי אידן די לאגע גאר אנדערש. אפילו אין די אפגעשטאנענסטע קאנטן און פראווינצן וואוינט ניט ווייניגער פון א דריטל אידן אין די שטעט, אפט אבער וואוינען אידן פון א העלפט ביז 90 פראצענט און מער אין שטעט.

טאבעלע III

## פון הונדערט נפשות האבן געלעבט אין שטעט:

| מלוכה | ביי דער אלגעמיינער באפעלקערונג | ביי אידן | יאר |
|---|---|---|---|
| רוסלאנד | 13,00 | 48,84(* | 1897 |
| גאליציע**) | 7,30 | 34,04 | 1900 |
| פרייסן | 44,89 | 85,85 | 1905 |
| רומעניע | 13,34 | 72,27 | 1900 |

*) נאר די 25 גובערניעס פון תחום.

**) נאר די 40 שטעט, וואס האבן אדער מער פון 7500 נפשות אדער שטאטישע זעלבסטפארוואלטונג לויט דעם געזעץ פון 1889-טן יאר.

| מלוכה | בײַ דער אַל־געמײנער באַ־פעלקערונג | בײַ אידן | יאָר |
|---|---|---|---|
| בולגאַריע | 19,39 | 96,49 | 1900 |
| סערביע | 13,88 | 99,95 | 1900 |
| איטאַליע | — | 86,40 | 1901 |
| דענעמאַרק | 39,06 | 94,98 | 1901 |
| נאָרוועגיע | 28,30 | 87,90 | 1900 |
| פֿאַראײניגטע שטאַטן | 41,50 | 95,00 | 1910 |

מיר זעהען, אַז אפֿילו אין גאַליציע, אין סאַמע אָרימען און אָפּגעשטאַנענעם לאַנד, וואו די פֿאַבריקאַציע הויבט זיך ערשט אָן אַנטוויקלען און וואו דער האַנדל טראָגט נאָך גאָר אַ פּרימיטיווען כאַראַקטער, אַפֿילו דאָרטן איז דער פּראָצענט אידן, וואָס וואוינען אין שטעט, העכער פֿון אַ דריטל פֿון דער גאַנצער אידישער באַפֿעלקערונג, ווען בײַ דער אַלגעמײנער גאַליצישער באַפֿעלקערונג מאַכן אויס די שטאַטישע אײנוואוינער סך־הכל 7,30 פּראָצענט. אין רוסלאַנד האָבן שוין אין 1897־טן יאָר געוואוינט אין שטעט כמעט אַ העלפֿט (48,84) פֿון אַלע רוסישע אידן און איצט איז דער דאָזיגער פּראָצענט געוויס אַ סך גרעסער נאָך, און די אידישע שטאַטישע באַפֿעלקערונג איז בנוגע צו אַלע רוסישע אידן פֿיר מאָל גרעסער, ווי די אַלגעמײנע שטאַטישע באַפֿעלקערונג לגבי דער אַל־געמײנער באַפֿעלקערונג בכלל. בײַ די פּרײסישע אידן זײַנען קאָנצענטרירט אין שטעט מער פֿון 85 פּראָצענט פֿון אַלע אידן און בײַ דער אַלגעמײנער באַפֿעלקערונג נאָר 44,89 פּראָצענט. בײַ די רומענישע אידן מאַכט אויס די שטאַטישע אידישע באַפֿעלקערונג מער פֿון 72 פּראָצענט. אין אַלע איבעריגע לענדער, וואו אידן וואוינען אין זעהר אַ קלײנער צאָל, איז כמעט די גאַנצע אידישע באַפֿעלקערונג קאָנצענטרירט אין די שטעט — אין דענעמאַרק — 94,98; אין סערביע — 99,95. אין אַמעריקע, אינם מאָדערנסטן צענטער פֿון אידישן פֿאָלק, וואוינען אין די שטעט 95 פּראָצענט פֿון אַלע דאָרטיגע אידן. דאָס זעלבע אין ענגלאַנד און אין פֿראַנקרײַך.

אין די שטעט מאַכן שוין אידן אויס אַ סך אַ גרעסערן פּראָצענט לגבי דער אַלגעמײנער באַפֿעלקערונג, ווי אין די פּראָווינצן און ראַיאָנען. ווי מיר וועלן זעהן שפּעטער, זײַנען פֿאַראַן גאַנצע ראַיאָנען, ווי למשל, ליטע און ווײַס־

רוסלאנד, וואו אידן בילדן אין די שטעט אן אבסאלוטע מערהיים. און די מינדערהייט אין אזעלכע שטעט באשטייט דערצו נאך ניט פון איין נאציע, נאר פון דריי־פיר, וועלכע פירן צווישן זיך א נאציאנאלן קאמף. נאר אפילו אין די פראווינצן און ראיאנען, וואו אידן מאכן ניט אויס קיין אבסאלוטע מערהייט אין די שטעט, בילדן זיי גאנץ אפט דארטן א רעלאטיווע מערהייט, ד. ה. אז אין פארגלייך מיט יעדן פון אלע איבעריגע פעלקער פון די דאזיגע שטעט זיינען אידן די מערהייט. אין פוילן, גאליציע און אוקראינע זיינען די שטעט באזעצט פון פארשיידענע פעלקער, שטארק איבערגעמישט און צעזאמענגעמישט — און אין צענדליגער שטעט פון די דאזיגע פראווינצן, וואס זיינען אזוי געריכט באזעצט פון אידן, מאכן די אידן אויס א רעלאטיווע מערהייט. נאר אפילו אין די שטעט, וואו אידן מאכן ניט אויס אפילו קיין רעלאטיווע מערהייט, האבן זיי ניט אומעטום אנטקעגן זיך א קאמפאקטע מאסע פון איין נאציע, נאר אפט א קאמבינאציע פון פארשיידענע פעלקער, צווישן וועלכע דאס אדער יענץ פאלק מוז זוכן אין זיין קאמף מיט א שטארקערן קעגנער שטיצע ביי דער אידישער באפעלקערונג.

ווי וויכטיג ס'איז אבער ניט די פראגע ווענן אבסאלוטער אדער רעלאטיווער מערהייט אין דעם אדער יענעם פונקט, מיינען מיר, אז נאך וויכטיגער איז די אבסאלוטע צאל אידן, וואס איז קאנצענטרירט אין אזא מין ארט. ווארום מעג די אידישע באפעלקערונג אין דער אדער יענער שטאט בילדן לגבי דער איבעריגער באפעלקערונג ניט נאר קיין גרויסן פראצענט, אויב אבער אבסאלוט וואוינט צוזאמען א גרויסע קאמפאקטע מאסע, ווערן שוין באשאפן גינציגע באדינגונגען פאר א זעלבשטענדיגן קולטורעלן לעבן, ווערן שוין אין דער דאזיגער געדיכטער מאסע אויסגעארבעט גענוג ווידערשטאנדס־מיטלען קעגן דער השפעה פון דער מערהייט. און אין דעם פרט זיינען די דאטן, וואס מיר פארמאגן, ממש איבערראשנדיגע.

נעמען מיר אין רוסלאנד קהלות מיט מער פון 25 טויזנט אידן, וועלן מיר געפינען, אז אין אזעלכע קהלות וואוינען ביי היינטיגן טאג מער פון א פערטל פון אלע רוסלענדישע אידן. אין איין שטאט ווארשע וואוינט כמעט א פינפטל פון אלע פויליש־רוסישע אידן. אין פינף עסטרייכישע שטעט (ווין, קראקע, לעמבערג, טשערנאוויץ און פראג) זיינען קאנצענטרירט מער פון א פערטל פון אלע עסטרייכישע אידן. אין איין שטאט בודאפעשט געפינען זיך 22 פראצענט פון אלע אונגארישע אידן. 25 פראצענט פון אלע פרייסישע

אידן זיינען קאנצענטרירט אין איין שטאט בערלין. זעכציג פראצענט פון אלע האלענדישע אידן געפינען זיך אין אמסטערדאם. אין לאנדאן וואוינען 60 פראצענט פון אלע ענגלישע אידן. 75 פראצענט פון אלע אמעריקאנער אידן זיינען קאנצענטרירט אין פינף שטעט (ניו־יארק, טשיקאגא, פילאדעלפיע, באלטימארע און באסטאן). אין די עלף גרעסטע אידישע קהלות, וואס יעדע פון זיי פארמאגט מער פון 100 טויזנט אידישע נפשות, זיינען צונויפגעזאמלט מער פון דריי מיליאן אידן, א פערטל פון אלע אידן פון דער גארער וועלט.

טאבעלע IV

## די עלף גרעסטע אידישע קהלות אין דער וועלט.

| יאר | אבסאלוטע צאל אידן | קהלה |
|---|---|---|
| 1915 | 1 350 000 | ניו־יארק |
| 1916 | 350 413 |ווארשע |
| 1915 | 350 000 | טשיקאגא |
| 1910 | 203 687 | בודאפעשט |
| 1917 | 185 000 (*) | אדעס |
| 1910 | 175 318 | ווין |
| 1915 | 175 000 | פילאדעלפיע |
| 1915 | 155 922 | לאדז |
| 1910 | 150 000 | לאנדאן |
| 1910 | 143 975 (**) | בערלין |
| 1919 | 114 523 | קיעוו |
| — | 3 353 838 | סך־הכל |

אין די עלף אויסגערעכנטע אידישע קהלות זיינען פאראן א סך מער אידן, ווי ס'איז געווען צוריק מיט הונדערט יאר אויף דער גאנצער וועלט. אין איין שטאט ניו־יארק איז איצט קאנצענטרירט כמעט א צענט חלק פון דער גאנצער אידישער נאציע. און אינטערעסאנט, אז פון די עלף גרעסטע אידישע קהלות געפינען זיך דריי, וואס פארמאגן אליין כמעט ביז צוויי מיליאן אידן, אין די פאראייניגטע שטאטן, אין א לאנד, וואוהין די גרויסע אידישע עמיגראציע האט

*) בערך.

**) מיט די פארשטעט.

זיך אנגעהויבן ערשט צוריק מיט פערציג יאר. בכלל ווארפט זיך אין די אויגן, אז די אידן שטרעבן צו די הויפט־שטעט, צו די צענטערס פון דעם מאדערנעם לעבן, צו די צענטערס פון עקאנאמישן, פאליטישן און קולטורעלן לעבן, אין וועלכן זיי שפילן ניט קיין קליינע ראלע אפילו אין די לענדער, וואו זיי בילדן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג פון לאנד ניט קיין גרויסן פראצענט.

נעמען מיר אן, אז א קהלה מיט מער פון צען טויזנט אידן פארמאגט שוין אין זיך דעם מינימום נאציאנאלע ענערגיע, וואס איז נויטיג ניט נאר כדי בייצושטיין דער שפארנדיגער השפעה פון דער אסימילאציע, נאר אויך כדי צו שאפן פאזיטיווע נאציאנאלע ווערטן, כדי צו שאפן די פאסיגע אטמאספער פאר א לעבעדיגן פראצעס פון נאציאנאלער אנטוויקלונג, און לאמיר זעהן, וואסער א חלק פון אידישן פאלק לעבט אין אזעלכע באדינגונגען. פאלגנדיגע טאבעלע גיט א גאנץ קלארע תשובה אויף דער דאזיגער וויכטיגער פראגע.

טאבעלע V

**דער פראצענט אידן, וואס לעבט אין קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידישע נפשות.**

| מלוכה | פראצענט | יאר |
|---|---|---|
| ענגלאנד | 81,8 | 1908 |
| פאראייניגטע שטאטן | 78,7 | 1907 |
| האלאנד | 66,6 | 1899 |
| רומעניע | 46,6 | 1899 |
| פרייסן | 44,0 | 1910 |
| אונגארן | (*37,5 | 1910 |
| רוסלאנד | (*35,0 | 1910 |
| עסטרייך | 29,1 | 1910 |

די לענדער מיט א אידישן ישוב, וואס איז ערשט אין די לעצטע פערציג־פופציג יאר אויסגעוואקסן, פארמאגן די בעסטע באדינגונגען — אין ענגלאנד און אין די פאראייניגטע שטאטן לעבן אין קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידישע נפשות פיר פינפטל פון אלע אידן פון די דאזיגע לענדער. דאס מיטעלע ארט פארנעמען רומעניע און פרייסן, וואס כמעט א העלפט פון אלע

*) בערך.

אידן פון די דאזיגע מלוכות לעבן אין קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידישע נפשות. נאך זיי גייט אונגארן און רוסלאנד, וואס מער פון א דריטל פון די דארטיגע אידן לעבן אין אזעלכע קהלות. און נאר אין איין עסטרייך איז די צאל אידן, וואס לעבן אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות, ווייניגער פון א דריטל.

די געבראכטע טאבעלע נעמט ארום די לענדער, וואס פארמאגן כמעט ניינציג פראצענט פון אידישן פאלק, און פון דער דאזיגער טאבעלע איז קלאר, אז ביי היינטיגן מאמענט וואוינט אין קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידישע נפשות מער פון א העלפט פון גאנצן אידישן פאלק.

דערצו מוז מען נאך געדיינקען, אז אין די שטעט אליין וואוינען די אידן שטארק קאנצענטרירט, געדיכט, אין באזונדערע קווארטאלן. אין ניו־יארק און לאנדאן, אין ווארשע און אדעס, אין טשיקאגא און לאדז — אומעטום זיינען פאראן באשטימטע קווארטאלן, וואו אידן מאכן אויס פון 80 ביז 90 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג. און דאס אייגענע חזרט זיך איבער, אין א קלענערער אדער גרעסערער מאס, אויך אין בודאפעשט, ווין און בערלין, וואו די אידישע בורזשואזע קלאסן בילדן א גרויסן פראצענט פון דער אידישער באפעלקערונג. ווארום אפילו די אידישע בורזשואזיע, וואס אין איר פראגראם גייט אריין א פונקט וועגן אויסמיידן דאס קאנצענטרירן זיך אין באשטימטע ערטער אדער קווארטאלן, וואס האט אין דעם פרט אנגעשטרענגט גענוג כוחות און פארגאסן גענוג טינט, אפילו זי האט אויך ניט געקאנט גובר זיין די נאציאנאלע נטיה פון זיין נאהענט איינער צום אנדערן, א נטיה, וואס שטאמט ניט נאר פון נאטירליכער נאהענטקייט און פסיכישער קרובה'שאפט, נאר האט אויך אונטער זיך געוויסע עקאנאמישע גרונטן.

## פראגעס.

1. וויפיל אידן זיינען פאראן: אין אייראפע? אין אמעריקע? אין אזיע? אין די איבריגע וועלט־טיילן?

2. אין וואסער א לאנד איז דא דער גרעסטער טייל אידן?

3. אין וואסערע דריי מלוכות וואוינען מער פון 80 פראצענט פון אלע אייראפייאישע אידן?

4. וואסער א פראצענט אמעריקאנער אידן וואוינט אין שטאט ניו־יארק?

5. וואס פאר א פראצענט מאכן אידן אויס לגבי דער אלגעמיינער באַ־פעלקערונג: אין רוסלאנד? אין עסטרייך? אין אונגארן? אין דייטשלאנד? אין אנדערע לענדער?

6. ווי זיינען אידן פארטיילט צווישן פארשיידענע ראיאנען פון אייגער און דערזעלבער מלוכה? אין רוסלאנד? אין עסטרייך? אין אמעריקע? אין אנדערע לענדער?

7. וואס הייסט — אידן זיינען אויך געאגראפיש קאנצענטרירט?

8. וואסער א פראצענט אידן וואוינט אין שטעט: אין גאליציע? אי רוסלאנד? אין אנדערע לענדער?

9. וואס פאר טענדענצן באמערקן זיך אין דער אידישער שטאטישער באפעלקערונג?

10. וואס פאר א פראצענט בילדן אידן אין דעם רוב שטעט פון די קאנטן און ראיאנען, וואו אידן וואוינען אין געדיכטע מאסן?

11. וואס פאר א ראל שפילט אין אידישן לעבן די אבסאלוטע צאל אידן אין די אדער יענע פונקטן?

12. וואס פאר א פראצענט אידן וואוינען אין רוסלאנד אין קהלות מיט מער פון 25 טויזנט אידישע נפשות?

13. וואס פאר א פראצענט עסטרייכישע אידן וואוינען אין די פינף גרעסטע קהלות?

14. וואס פאר א פראצענט אונגארישע אידן וואוינט אין דער שטאט בודאפעשט?

15. וואס פאר א פראצענט פרייסישע אידן וואוינט אין בערלין?

16. וואס פאר א פראצענט האלענדישע אידן וואוינט אין אמסטערדאם?

17. וואס פאר א פראצענט ענגלישע אידן איז קאנצענטרירט אין לאנדאן?

18. וואס פאר א פראצענט אמעריקאנער אידן זיינען קאנצענטרירט אין די פינף גרעסטע אידישע קהלות פון אמעריקע?

19. וואס פאר א צאל אידן געפינט זיך אין די עלף גרעסטע אידישע קהלות?

20. ווי געדיכט זיינען באזעצט די אידן אין באשטימטע קווארטאלן פון די גרויסע שטעט?

21. וואס האט דערגרייכט אין דעם פרט די אידישע בורזשואזיע?

## קאפיטל 3.

# דער וואוקס פון די אידן אין רוסלאנד און אין פארשיידענע קאנטן פון רוסלאנד.

פון דער טאבעלע I האבן מיר געזעהן, אז אין גאנץ רוסלאנד איז געווען אין 1897־טן יאר 5 215 805 אידן (אין אייראפייאישן רוסלאנד מיט פוילן 5 110 548 און אין אזיאטישן רוסלאנד 105 257). פאר דער פארגאנגענער צייט איז די צאל אידן געוויס אויסגעוואקסן. לויט די השערות, וואס זיינען געמאכט געווארן פון פארשיידענע צדדים, קאן מען רעכענען, אז ערב דער מלחמה איז געווען אין רוסלאנד בערך פון 5 800 000 אידן ביז זעקס מיליאן. דערביי דארף מען געדיינקען, אז פאר דעם דאזיגן פעריאד (פון 1897־טן ביז 1914־טן יאר) האבן עמיגרירט פון רוסלאנד ניט ווייניגער פון 1 200 000 אידן. ווי גרויס אלזא די עמיגראציע איז ניט געווען פאר דעם אנגעוויזענעם פעריאד, איז דאך די אבסאלוטע צאל אידן אין רוסלאנד ניט נאר ניט קלענער געווארן, נאר נאך גרעסער געווארן. דער וואוקס פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג אין רוסלאנד האט אבער שטארק איבערגעיאגט דעם וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג. און אויב אין 1897־טן יאר האבן אידן אויסגעמאכט אין די 25 גובערניעס פונם תחום 11,60 פראצענט, איז דער דאזיגער פראצענט פאר דער פארגאנגענער צייט געוויס אביסל געפאלן. אמת, ביי די פעלקער, וואס באוואוינען די 25 גובערניעס פון תחום, גייט אויך א גאנץ גרויסע עמיגראציע — פון פוילן, ליטע און ווייס־רוסלאנד דער עיקר קיין אמעריקע און אין אנדערע לענדער, וואס ליגן פון יענער זייט ים, און פון אוקראינע — קיין סיביר. דאך איז די ניט־אידישע עמיגראציע באדייטנד קלענער פון דער אידישער; חוץ דעם, איז די צאל פון די עמיגראנטן, וואס קערן זיך אום צוריק, ביי אלע פעלקער פון תחום גרעסער, ווי ביי אידן — און דאס אלץ צוזאמען האט גורם געווען, אז דער פראצענט אידן איז א ביסל געפאלן פאר די לעצטע 20 יאר.

פארקערט, אין משך פון גאנצן 19־טן יארהונדערט האט דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אריבערגעיאגט דעם וואוקס פון די ארומיגע פעלקער, און דער פראצענט אידן אין די 25 גובערניעס, וואס איז געווען צום אנהויב פון 19־טן יארהונדערט ניט מער פון זעקס־זיבן און צום מיט פון 19־טן יארהונדערט ניט מער פון אכט־ניין, האט דערגרייכט אין 1897־טן יאר קרוב צו צוועלף פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג.

ווענן דער אבסאלוטער צאל אידן אין רוסלאנד פאר דער צייט ביז דרע פאלקס־ציילונג פון 1897־טן יאר זיינען פאראן ציפערן, וואס האבן זעהר אַ קנאפּן ווערט. אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט איז געווען אין רוסלאנד (מיט פוילן) בערך פון א מיליאן ביז א מיליאן מיט צוויי הונדערט טויזנט אידן. לויט די אויסרעכענונגען פון יאַסט זיינען געווען אין 1845־טן יאר אין רוסלאנד (מיט פוילן) 1 600 000 אידן. מיר וועלן זיין א סך נאהענטער צום אמת, ווען מיר וועלן אננעמען, אז צום סוף פון דער ערשטער העלפט פון 19־טן יארהונדערט זיינען געווען אין רוסלאנד (מיט פוילן) נים ווייניגער פון צוויי מיליאן אידן.

מיר וועלן ברייננען די דאטן, וואס מיר פארמאגן פון פריהערדיגע צייטן וועגן פארשיידענע טיילן פון רוסלאנד, הגם, ווי מיר האבן שוין באמערקט, זיי האבן נאר א בערכדינן ווערט.

די 25 גובערניעס פונם תחום קאנען געטיילט ווערן אין 4 גרופּעס לויט דעם, ווען די אידישע באפעלקערונג האט זיך דארטן באזעצט און ווען די גו־בערניעס זיינען אריין אין רשות פון דער רוסישער מלוכה:

1. 9 מערב־גובערניעס (ווילנער, וויטעבסקער, וואלינער, גראדנער, קיעווער, קאוונער, מינסקער, מאהילעווער און פאדאליער), וואו אידן וואוינען פון לאנגע הונדערטע יארן, וועלכע האבן אלע געהערט ביזן סוף פון 18־טן יארהונדערט צו דער פוילישער מלוכה און זיינען ערשט נאך די צעטיילונגען פון דער לעצטער אריבערגעגאנגען צו רוסלאנד*).

2. 10 גובערניעס פון פוילן (ווארשעווער, קאלישער, קעלצער, לאמזשער, לובלינער, פיעטערקאווער, פלאצקער, ראדאמער, סעדלעצער און סוואלקער), וואס האבן אויך א אידישן ישוב נאר פון אמאליגע יארן און וואס זיינען אין דער מאס, ווי מיר נעמען זיי איצט, אריבער צו רוסלאנד ערשט אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט.

3. די גובערניעס פון לינקן ברעג דניעפּר (פאלטאווער און טשערניגאווער), וואס זיינען א סך פריהער פאר דעם צעפאלן פון דער פוילישער מלוכה אריבער צו רוסלאנד און זיינען געווען אונטערגעווארפן די אלע באגרעניצונגען, וואס האבן עקסיסטירט בנוגע די אידן אין גרויס־רוסלאנד. די אידישע באפעלקערונג איז דארטן געווען ביזן סאמע סוף פון 18־טן יארהונדערט זעהר א קליינע און שיטערע און ערשט אין 19־טן יארהונדערט ווערן זיי קאלאניזירט פון עמיגראנטן פון ווייס־רוסלאנד און וואלין.

---

*) חוץ דער שטאט קיעוו.

4. נײ־רוסלאנד, (יעקאטערינאסלאװער, כערסאנער, טאװרישע און בעסא־ראביע); די לעצטע גובערניע גײט איבער צו רוסלאנד ערשט אין אנהויב פו 19־טן יארהונדערט, און זי איז די אײנציגע פון די פיר, װאס פארמאגט א אידישן ישוב פון לאנגע יארן. די איבעריגע דרײ װערן בכלל קאלאניזירט און באזונדערס ערשט אין 19־טן יארהונדערט, און דער אידישער ישוב איז דארט דער אינגסטער.

דער צענטר פון די רוסישע אידן נאכן צעפאלן פון דער פױלישער מלוכה איז געװען אין די נײן מערב־גובערניעס, פון װאנען ס'איז געגאנגען אין משך פון גאנצן נײנצענטן יארהונדערט א עמיגראציע הן קין נײ־רוסלאנד און אין די גובערניעס פון לינקן ברעג דניעפּר, הן קין פױלן. די ציפער, װאס מיר ברענגען נידעריגער װעגן װאוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין יעדער פון די דער־מאנטע גרופּעס, נים פּרעטענדירנדיג אויף אבסאלוטע ריכטיגקײט און פּונקט־ליכקײט, גיבן דאך אין אלגעמײנעם א גאנץ קלאר און אמת בילד װעגן דעם פארשײדענעם טעמפּ פון דער פארגרעסערונג פון דער צאל אידן אין יעדן פון די דאזיגע קאנטן.

טאבעלע VI

## דער װאוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין די נײן מערב־גובערניעס.

| גובערניעס / יארן | 1847 | 1881 | 1897 | צוװאוקס פאר 50 יאר (1897—1847) | |
|---|---|---|---|---|---|
| | | | | אין אבסאלוטע צאלן. | אין % |
| װילנער | 68 424 | 175 996 | 204 686 | 136 262 | 199 |
| װיטעבסקער | 50 353 | 133 789 | 175 629 | 125 276 | 248 |
| װאלינער | 174 457 | 289 820 | 395 782 | 221 325 | 127 |
| גראדנער | 98 196 | 229 574 | 280 489 | 182 293 | 185 |
| קיעװער | 134 997 | 339 587 | 433 728 | 298 731 | 221 |
| קאװנער | 81 505 | 269 399 | 212 666 | 131 161 | 161 |
| מינסקער | 87 633 | 283 194 | 345 015 | 257 382 | 294 |
| מאהילעװער | 87 739 | 151 055 | 203 946 | 116 207 | 132 |
| פּאדאליער | 164 449 | 418 858 | 370 612 | 206 163 | 125 |
| סך־הכל | 947 753 | 2 291 272 | 2 622 553 | 1 674 800 | 177 |

טאבעלע VI ווייזט אונז דעם וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין די ניין מערב־גובערניעס. מיר זעהען, אז פאר פופציג יאר — פון 1847־טן ביז 1897־טן — האט זיך די צאל אידן אין אלע ניין גובערניעס פארגרעסערט אויף 177 פראצענט. דער עיקר האט זיך די צאל אידן פארגרעסערט אין ערשטן פעריאד — פון 1847־טן ביז 1881־טן — אויף 142 פראצענט; פאר די לעצטע זעכצען יאר — פון 1881־טן ביז 1897־טן האט זיך די צאל אידן פארגרעסערט סך־הכל נאר אויף פערצען פראצענט. אין די דאזיגע זעכצען יאר איז געווען א גרויסע אויסוואנדערונג פון די ניין מערב־גובערניעס אי קיין ניי־רוסלאנד און פוילן, אי קיין אמעריקע. דער גרעסטער פראצענט פון צוואוקס פאר די גענומענע פופציג יאר איז געווען אין מינסקער גובערניע — 294 פראצענט; דער קלענסטער צוואוקס איז געווען אין פאדאליער גובערניע — 125 פראצענט. קוקט מען זיך גוט צו צו באזונדערע גובערניעס, איז גרינג צו באמערקן, אז דעם קלענסטן צוואוקס גיבן די גובערניעס, וואס האבן געהאט די גרעסטע אב־סאלוטע צאל אידן; און פארקערט, די גובערניעס, וואס האבן געהאט א קלענערע צאל אידן, האבן געהאט פאר די פארגאנגענע פופציג יאר א גרעסערן צוואוקס, חוץ קיעווער גובערניע, וואס שטעלט פאר אין דעם פרט אן אויסנאם. דער סדר פון די גובערניעס לויט דער אבסאלוטער צאל אידן האט זיך פאר די גע־נומענע פופציג יאר א ביסל געביטן. אין 1847־טן יאר וואלט דער דאזיגער סדר געווען פאלגנדיגער: 1. ווילנער; 2. פאדאליער; 3. קיעווער; 4. גראדנער; 5. מאהילעווער א. א. וו. אין 1897־טן איז ער געווען אזוי: 1. קיעווער; 2. מינסקער; 3. ווילנער; 4. פאדאליער; 5. גראדנער א. א. וו.

לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן די אידן אויסגעמאכט אין די דאזיגע ניין גובערניעס:

1. אין 1847־טן — 9,26
2. אין 1881־טן — 16,88
3. אין 1897־טן — 13,36

פאר 34 יאר — פון 1847־טן ביז 1881־טן יאר — איז דער פראצענט אידן לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג געווארן כמעט צוויי מאל גרעסער; פארקערט, פאר די לעצטע 16 יאר איז געפאלן דער פראצענט אידן פון 16,88 ביז 13,36.

גייען מיר איבער צו די צען גובערניעס פון פוילן.

טאבעלע VII

## דער אבסאלוטער וואוקס פון דער אלגעמיינער און פון דער אידישער באפעלקערונג אין רוסיש־פוילן.

| יאר | די אלגעמיינע באפעלקערונג | אידן | % פון אידן |
|---|---|---|---|
| 1816 | 2 717 287 | 212 000 | 7,80 |
| 1860 | 4 840 466 | 598 100 | 12,40 |
| 1880 | 7 104 864 | 1 004 282 | 14,10 |
| 1890 | 8 256 562 | 1 134 268 | 13,70 |
| 1897 | 9 402 253 | 1 321 100 | 14,10 |
| 1913 | 13 057 222 | 1 954 898 | 14,97 |

מיר זעהען, אז די אלגעמיינע באפעלקערונג איז אויסגעוואקסן פאר דער צייט פון קרוב צו הונדערט יאר (1816—1913) וויניגער פון פינף מאל, ווען די אידישע באפעלקערונג, באזונדער גענומען, איז אויסגעוואקסן מער פון ניין מאל. דאס דערקלערט זיך ניט נאר מיט דעם, וואס ביי די אידן איז געווען דער נאטירליכער צוואוקס העכער, ווי ביי דער ארומיגער באפעלקערונג, נאר אויך מיט דעם, וואס פוילן איז געווארן אן ארט, וואס האט צוגעצויגן צו זיך אידן פון אנדערע גובערניעס. און די דאזיגע אימיגראציע פון אנדערע גובערניעס, דער עיקר פון די ליטווישע און ווייס־רוסישע גובערניעס, האט געגעבן דעם פוילישן אידנטום א גרויסן צוואוקס, וואס האט געדעקט ביז א געוויסער מאס די עמיג־ראציע פון פוילישע אידן קיין אמעריקע. אין 1816־טן יאר האבן די אידן אויס־געמאכט אין די צען פוילישע גובערניעס 7,8 פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג און אין 1913־טן יאר שוין 14,97, כמעט צוויי מאל אזוי פיל. אין דעם וואוקס אבער פונם פראצענט פון דער אידישער באפעלקערונג בא־מערקן מיר צוויי פעריאדן — ביז 1880־טן יאר וואקסט די אידישע באפעלקערונג אהן אן אויפהער; פון 1880־טן ביזן 1890־טן פארקלענערט זיך אפילו א ביסל דער פראצענט אידן פון 14,1 אויף 13,7; אין 1897־טן דערגרייכט דער פראצענט אידן צו דערזעלבער הייך, ווי אין 1880־טן יאר; און פאר די 16 יאר — פון 1897־טן ביז 1913־טן — הויבט זיך אויף דער פראצענט פון דער אידישער בא־פעלקערונג ביז 14,97 פראצענט.

דער פארשיידענער טעמפּ פונם וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג ביזן 1880־טן יאר און נאך דער דאזיגער צייט, ווי אויך דער שנעלערער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין פארגלייך מיט דער אלגעמיינער ווערן בולטער, ווען מיר נעמען אן די דאטן פון 1816־טן יאר פאר 100 און רעכענען אוים בנוגע צו דער דאזיגער גרונט־דאטע די איבעריגע ציפערן.

טאבעלע VIII

## דער רעלאטיווער וואוקס פון דער אלגעמיינער און פון דער אידישער באפעלקערונג אין די צען גובערניעס פון רוסיש־פוילן.

| יאר | די אלגעמיינע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1816 | 100 | 100 |
| 1860 | 178 | 282 |
| 1880 | 261 | 474 |
| 1890 | 304 | 535 |
| 1897 | 346 | 623 |
| 1913 | 481 | 922 |

דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג איז געווען פארן גאנצן פעריאד צייט כמעט צוויי מאל אזוי גרויס, ווי פון דער גאנצער באפעלקערונג. ביי דער לעצטער איז פון הונדערט געווארן 481 און ביי דער אידישער באפעלקערונג — 922. ביז די 80־ער יארן איז דער צוּוואקס ביי דער אידישער באפעלקערונג געווען א סך שטארקער, ווי ביי דער ארומיגער באפעלקערונג; נאכדעם יאגט דער צוּוואקס פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג אן דעם צוּוואקס פון דער אידישער באפעלקערונג. דאס דערקלערט זיך געווים ניט נאר מיטן גרעסערן אנטייל פון די אידן אין דער עמיגראציע פון פוילן, נאר אויך מיטן פאלן פונם נאטירליכן צוּוואקס ביי דער אידישער באפעלקערונג. די אידישע באפעלקערונג ווערט ניכער אריינגעצויגן אין די גרויסע שטעט און ווערט בִּכלל ניכער באאיינפלוסט פון די שטרעמונגען אין די שטעט, וואס פירן צו א ממשותדיגער פארקלענערונג פון די געבוירענע. ווענן דער דאזיגער פראגע וועט אונז נאך אויסקומען צו ריידן שפּעטער, און מיר וועלן זיך נאך ניט איין מאל מיט איר טרעפן.

נאך אינטענסיווער, ווי אין די צען רוסיש־פוילישע גובערניעס, איז געווען דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין די גובערניעס פון נײ־רוסלאנד (בעסאראבער, כערסאנער, יעקאטערינאסלאווער און טאורישער).

טאבעלע IX

## דער וואוקס פון דער אלגעמיינער און פון דער אידישער באפעלקערונג אין נײ־רוסלאנד.

| יאר | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג | % פון אידן |
|---|---|---|---|
| 1844 | 3 127 054 | 95 305 | 3,0 |
| 1880 | 4 988 470 | 368 567 | 7,4 |
| 1897 | 8 235 488 | 730 278 | 8,9 |
| 1913 | 11 403 200 | 900 000*) | 7,9 |

נעמען מיר אָן די דאטן פון 1844־טן יאר פאר 100, וועט די געבראכטע טאבעלע באקומען פאלגנדיגן פנים:

| יאר | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1844 | 100 | 100 |
| 1880 | 159 | 386 |
| 1897 | 263 | 766 |
| 1913 | 365 | 944 |

נעמען מיר דעם גאנצן פעריאד פון 1844־טן יאר ביז 1913־טן, זעהען מיר, אז די גאנצע באפעלקערונג האט זיך פארגרעסערט ווייניגער פון פיר מאל — פון יעדע הונדערט נפשות איז געווארן 365 — און די אידישע באפעלקערונג האט זיך פארגרעסערט כמעט צען מאל — פון יעדע הונדערט אידישע נפשות איז געווארן 944. דער צוּוואקס בײַ אידן איז געווען אויף אזא אופן כמעט דריי מאל שטארקער, ווי בײַ דער ארומיגער באפעלקערונג. נעמען מיר אבער נאר די לעצטע 16 יאר — פון 1897 ביז 1913 — זעהען מיר, אז בײַ

*) בערך.

אידן האט זיך די באפעלקערונג פארגרעסערט נאר אויף 23 פראצענט, און די אלגעמיינע באפעלקערונג איז אויסגעוואקסן פאר דער צייט אויף 40 פראצענט. דאס איז געווים ארויסגערופן פון דעם, וואס די אידישע עמיגראציע האט אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט פארכאפט אויך די גובערניעס פון נייררוסלאנד, הגם בכלל איז דארט די עקאנאמישע לאגע פון די אידישע מאסן א סך פעסטער און זיכערער, ווי אין ליטע און ווייס־רוסלאנד. מע מוז אבער צוגעבן, אז אויך דער נאטירליכער צוואקס איז שטארק געפאלן אין נייררוסלאנד אין די לעצטע יארן.

באזונדער אינטענסיוו איז געווען די צוואנדערונג פון אנדערע גובערניעס קיין נייררוסלאנד ביזן 1897־טן יאר. ווי באקאנט, ווערט פארדאפלט די באפעלקערונג ביי א צוויי־פראצענטיגן יארליכן צוואקס אין 34 יאר. לויט דעם דאזיגן חשבון וואלטן באדארפט זיין אין נייררוסלאנד אין 1880־טן יאר מאקסימום 200 טויזנט אידן. ס'זיינען אבער געווען אין דעם יאר קרוב צו 370 טויזנט אידן — , קומט אויס, אז ביז 170 טויזנט אידן זיינען אנגעקומען קיין נייררוסלאנד פון אנדערע גובערניעס פון תחום. שפעטער פון 1880־טן יאר איז דער צוואקס ביי דער אידישער באפעלקערונג בכלל שוין געווים געפאלן, נאר נעמענדיג אין אכט, אז ביי אן אימיגראנטן־באפעלקערונג איז דער פראצענט פון יונגע לייט העכער, וועלן מיר צולאזן, אז אויך אין די יארן פון 1880 ביז 1897 איז געווען אין נייררוסלאנד א צוויי־פראצענטיגער יארליכער צוואקס. אפילו ביי אזא הויכן צוואקס וואלט די אידישע באפעלקערונג באדארפט באטרעפן אין 1897־טן יאר 500 טויזנט, און זי האט באטראפן מער פון 730 טויזנט. קומט אויס, אז אין משך פון 16—17 יאר זיינען געקומען פון אנדערע גובערניעס פון תחום קיין נייררוסלאנד 230 טויזנט אידן, וואס ס'מאכט אויס ביז 15 טויזנט א יאר.

פון די פיר גובערניעס פון נייררוסלאנד האט בעסאראביע שוין אין 1844־טן יאר געהאט פארהעלטנישמעסיג א גרויסע צאל אידן — 48 943, מער פון 50% פון אלע אידן פון נייררוסלאנד. די אידן האבן דעמאלט אויסגעמאכט אין בעסאראביע 6,2 פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג. אין 1897 יאר זיינען געווען אין בעסאראבער גובערניע 228 528 אידן, ד. ה. מער ווי פיר מאל אזוי פיל, ווי אין 1844־טן יאר, און זיי האבן אויסגעמאכט 11,8 פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג. נעמען מיר אראפ די בעסאראבער אידן פון דער צאל אידן אין גאנץ נייררוסלאנד, וועלן מיר ערשט זעהן, ווי גרויס דער צוואקס איז געווען.

טאבעלע X

## דער וואוקס פון דער אלגעמיינער און פון דער אידישער באפעלקערונג אין דריי גובערניעס פון נײַ־רוסלאנד.

(כערסאנער, יעקאטערינאסלאווער און טאורישער)

| יאר | די גאנצע באַ־פעלקערונג | אידן | % פון אידן |
|---|---|---|---|
| 1844 | 2 333 951 | 46 312 | 2,0 |
| 1880 | 3 602 727 | 200 740 | 5,6 |
| 1897 | 6 295 076 | 501 750 | 8,0 |
| 1913 | 8 840 200 | 670 000 (* | 7,6 |

רעכענען מיר די דאטן פון 1844־טן יאר פאר 100, באקומט די טאַ־בעלע X פאלגנדיגן פנים:

| יאר | די גאנצע באַ־פעלקערונג | אידן |
|---|---|---|
| 1844 | 100 | 100 |
| 1880 | 154 | 433 |
| 1897 | 270 | 1083 |
| 1913 | 379 | 1447 |

מיר זעהען אלזא, אז די גאנצע באפעלקערונג איז אויסגעוואקסן פון 1844 ביז 1913 וויניגער פון פיר מאל, און די אידישע מער פון פערצן מאל. פון יעדע 100 נפשות פון דער גאנצער באפעלקערונג איז געווארן סך־הכל 379; פון יעדע הונדערט אידישע נפשות — 1447. פארשטייט זיך, אז דער גרעסטער צוּוואקס פאלט אויף די ביידע אינדוסטריעלע גובערניעס — כערסאנער און יעקאטערינאסלאווער —, וואו ס'זיינען אויסגעוואקסן די גרעסטע אידישע קהלות פון די גובערניעס פון תחום, ניט רעכענענדיג פוילן.

אין פאלטאווער און טשערניגאווער גובערניע איז צום סוף פון אכטצענטן יאר־

*) בערך.

הונדערט געווען ווייניגער פון טויזנט נפשות. אין משך פון 19־טן יארהונדערט איז די אידישע באפעלקערונג אויך אין די צוויי גובערניעס שטארק אויסגעוואקסן. אזוי זיינען געווען אידן אין פאלטאווער און טשערניגאווער גובערניע:

1. אין 1847 — 34 009;
2. אין 1881 — 167 158;
3. אין 1897 — 225 396;

פאר פופציג יאר איז די אידישע באפעלקערונג אין די דאזיגע צוויי גובערניעס אויסגעוואקסן כמעט זיבן מאל.

פון די אלע געבראכטע דאטן און ציפערן איז צו זעהן, אז פאר די לעצטע פופציג־זעכציג יאר האט די אידישע מאסע פון רוסלאנד געשטרעבט אין די ראיאנען, וואס האבן זיך אויסגעצייכנט מיט א באזונדער אינטענסיווער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע — קיין פוילן און קיין דרום־רוסלאנד. צום סוף פון דער ערשטער העלפט פון 19־טן יארהונדערט האט געלעבט אין פוילן פון 25 ביז 28 פראצענט פון אלע רוסלענדישע אידן; אין כערסאנער, יעקאטערינאסלאווער און טאווערישער גובערניעס ווייניגער פון דריי פראצענט און אין די איבעריגע 12 גובערניעס פון תחום מער פון 70 פראצענט פון אלע רוסלענדישע אידן. אין 1913־טן יאר זיינען שוין די פארהעלטעניש געווען בערך פאלגנדיגע: אין פוילן זיינען געווען פון 30 ביז 33 פראצענט פון אלע רוסלענדישע אידן: אין די דריי דרום־גובערניעס — פון 10 ביז 12 פראצענט; אין די איבעריגע 12 גובערניעס פון 55 ביז 60 פראצענט פון אלע רוסלענדישע אידן.

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן אין רוסלאנד ערב דער וועלט־מלחמה?
2. וויפיל אידן האבן עמיגרירט פון רוסלאנד פון 1897־טן ביז 1914־טן?
3. איז געווארן פאר דער צייט — פון 1897־טן ביז 1914־טן — קלענער די אבסאלוטע צאל אידן? די רעלאטיווע צאל אידן?
4. ביי וואסערע פעלקער פון תחום איז גרעסער די עמיגראציע? די צוריק־וואנדערונג?
5. ביי וועמען איז געווען שטארקער דער וואוקס פון דער באפעלקערונג אין 19־טן יארהונדערט: ביי די אידן צי ביי די ארומיגע פעלקער?
6. וואס פאר א פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן אידן

אויסגעמאכט אין אנהויב פון 19־טן יאהרהונדערט? אין מיטן פון 19־טן יאהר־הונדערט? אין סוף פון 19־טן יארהונדערט?

7. וויפיל זיינען געווען אידן אין רוסלאנד אין אנהויב פון 19־טן יאר־הונדערט? אין מיטן פון 19־טן יארהונדערט? צום סוף פון 19־טן יאר־הונדערט?

8. וויפיל זיינען געווען אידן אין די 9 מערב־גובערניעס: אין 1847־טן יאר? אין 1897־טן?

9. וואסער א פראצענט האבן אידן אויסגעמאכט לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג אין די ניין גובערניעס: אין 1847־טן? אין 1881־טן? אין 1897־טן?

10. וויפיל זיינען געווען אידן אין די צען גובערניעס פון פוילן: אין 1816־טן? אין 1860־טן? אין 1897־טן? אין 1913־טן?

11. וואס פאר א פראצענט האבן אידן אויסגעמאכט אין פוילן: אין 1816־טן? אין 1860־טן? אין 1880־טן? אין 1890־טן? אין 1913־טן?

12. וואס פאר א באפעלקערונג איז מער אויסגעוואקסן פארן נייצענטן יארהונדערט אין פוילן: די אידישע אדער די ארומיגע?

13. מיט וואס דערקלערט זיך דער שנעלערער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג?

14. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די אידישע באפעלקערונג אין פוילן אין משך פון 19־טן יארהונדערט? די גאנצע באפעלקערונג?

15. וויפיל זיינען געווען אידן אין נייי־רוסלאנד: אין 1844־טן יאר? אין 1897־טן? אין 1913־טן?

16. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט פון 1844־טן ביז 1913־טן אין נייי־רוסלאנד: די ארומיגע באפעלקערונג? די אידישע?

17. פון וואסערע קאנטן האבן אידן עמיגרירט קיין נייי־רוסלאנד?

18. וויפיל בערך האבן עמיגרירט יערליך אידן פון אנדערע קאנטן קיין נייי־רוסלאנד?

19. וואס פאר א פראצענט האבן אידן אויסגעמאכט אין דריי גובערניעס פון נייי־רוסלאנד: אין 1844־טן? אין 1880־טן? אין 1897־טן? אין 1913־טן?

20. וויפיל מאל איז אויסגעוואקסן די באפעלקערונג פון 1844־טן ביז 1913 אין די דריי גובערניעס: די אידישע? די גאנצע?

21. וויפיל זיינען געוועזן אידן אין פאלטאווער און טשערניגאווער גובער־
ניעס: אין סוף פון 18־טן יארהונדערט? אין 1847־טן? אין 1897־טן?

22. אין וועלכע ראיאנען האט די אידישע מאסע פון רוסלאנד געשטרעבט
אין משך פון 19־טן יארהונדערט?

23. ווי זיינען געוועזן פונאנדערגעטיילט די רוסלענדישע אידן אין באַ־
זונדערע קאנטן פון רוסלאנד: צום סוף פון דער ערשטער העלפט פון 19־טן
יארהונדערט? אין 1913־טן יאר?

## קאפיטל 4.

# די איינטיילונג פון די אידן אין רוסלאנד לויט די קאנטן און פונקטן.

נאך דעם קורצן געשיכטליכן איבערבליק פון דער אנטוויקלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין רוסלאנד אין משך פון 19־טן יארהונדערט און פון איר וואוקס אין באזונדערע ראיאנען, קאנען מיר איבערגיין צו אן אויספירליכערן באטראכטן פון דעם איצטיגן צושטאנד בנוגע צו דער איינטיילונג פון די אידן לויט די קאנטן און פונקטן. אין גרונט פון אלע וויטערדיגע באטראכטונגען און אויספירן וועלן געלעגט דער־עיקר די דאטן פון דער פאלקס־ציילונג פון 1897־טן יאר — די איינציגע דאטן, וואס מיר פארמאגן און וואס פארדינען צוטרוי. אמת, פון 1897־טן יאר זיינען געווים פארגעקומען אפילו אין פרט פון דער איינטיילונג פון די אידן לויט די קאנטן און פונקטן ערנסטע שנוים; ס'איז אבער קיין ספק ניט, און דערצו זיינען פאראן פעסטע ראיות און גאנץ געניגנ־דיגע באווייזן, אז די טענדענצן, וואס האבן זיך ארויסגעוויזן פון די דאטן פון 1897־טן יאר, האבן נאר באקומען פאר די לעצטע צוואנציג יאר א שטויס פארויס.

שטעלן מיר זיך פריהער אפ נאר אויף די אידן פון די 25 גובערניעס פון תחום. מיר טיילן די 25 גובערניעס ניט לויט די געאגראפישע פרינציפן, ווי מען פלעגט טון ביז איצט, נאר לויטן נאציאנאלן פרינציפ. ניט געקוקט דערויף, האבן מיר געפונען פאר מעגליך צו פאראייניגן ליטע מיט ווייס־רוסלאנד, ווייל די דאזיגע צוויי נאציאנאלע פראווינצן זיינען עקאנאמיש אזוי צוזאמענגעבונדן און קולטורעל אזוי צוזאמענגעפלאכטן, אז ביי דער ברייטסטער מעגליכקייט פאר א פרייען נאציאנאלן לעבן, וועלן זיי געווים שטרעבן צו זיין ווי נאהענטער איינע צו דער אנדערער. חוץ דעם האבן מיר געהאלטן פאר איבעריג אויסצוטיילן פון די פראווינצן, וואס שטעלן מיט זיך פאר נאציאנאלע קאנטן, די פאסעקלאך און פאסן, וואס ביי אן ערליכער און אמתער פרידליכער צעטיילונג פון לאנד לויטן נאציאנאלן פרינציפ וואלטן זיי באדארפט אויסגעשניטן און איבערגעגעבן ווערן אן אנדער קאנט; למשל, א גרויסער טייל פון סוואלקער גובערניע, וואו די ליט־ווינער מאכן אויס העכער א העלפט, וואלט געווים באדארפט איבערגיין צו ליטע, איניגע אויעזדן פון טשערניגאווער גובערניע צו גרויס־רוסלאנד, איניגע אויעזדן פון לובלינער גובערניע צו אוקראינע א. א. וו. די דאזיגע אפעראציע וואלט סוף כל סוף ווייניג וואס געענדערט דאס גאנצע בילד, וואס באקומט

## טאבעלע XI

# די איינטיילונג פון די אידן אין רוסלאנד לויט די קאנטן און פונקטן (1897).

| גובערניעס | די גאנצע בא-פעלקערונג | די אידישע באפ. | | פון יערע 100 אידן וואוינען אין: | | | דער פראצענט אידן אין: | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | אבסאלוטע צאל | % צו דער גאנצער באפעל-קערונג | שטעט | שטעטלאך | דערפער | שטעט | שטעטלאך | דערפער |
| גראדנער | 1 603 409 | 280 489 | 17,5 | 52,93 | 32,53 | 14,54 | 58,3 | 58,5 | 3,4 |
| מינסקער | 2 147 621 | 345 015 | 16,0 | 38,92 | 36,06 | 25,02 | 59,4 | 59,5 | 5,1 |
| קאוונער | 1 544 564 | 212 666 | 13,8 | 29,24 | 55,15 | 15,61 | 43,4 | 56,0 | 2,8 |
| ווילנער | 1 591 207 | 204 686 | 12,9 | 42,66 | 40,25 | 17,09 | 44,1 | 57,3 | 2,8 |
| מאהילעווער | 1 686 764 | 203 946 | 12,1 | 37,95 | 38,99 | 23,06 | 52,6 | 57,2 | 3,4 |
| וויטעבסקער | 1 489 246 | 175 629 | 11,8 | 64,82 | 21,74 | 13,44 | 52,7 | 66,3 | 1,9 |
| **סך-הכל** | **10 062 811** | **1 422 431** | **14,1** | **43,81** | **37,45** | **18,74** | **52,6** | **58,2** | **3,3** |
| ווארשעווער | 1 931 867 | 351 942 | 18,2 | 81,49 | 10,43 | 8,08 | 33,9 | 43,2 | 2,8 |
| פיעטערקאווער | 1 403 901 | 222 558 | 15,9 | 73,54 | 14,95 | 11,51 | 32,0 | 35,9 | 3,2 |
| לאמזשער | 579 592 | 91 394 | 15,8 | 38,38 | 37,95 | 23,67 | 46,9 | 53,5 | 4,9 |
| סעדליצער | 772 146 | 121 135 | 15,7 | 52,21 | 29,73 | 18,06 | 53,7 | 52,8 | 3,7 |
| ראדאמער | 814 947 | 112 323 | 13,8 | 45,18 | 41,44 | 13,38 | 50,6 | 50,5 | 2,4 |
| לובלינער | 1 160 662 | 156 221 | 13,5 | 47,18 | 39,64 | 13,18 | 45,8 | 53,4 | 2,2 |
| קעלצער | 761 995 | 83 221 | 10,9 | 43,40 | 40,21 | 16,39 | 51,3 | 46,1 | 2,2 |
| סוואלקער | 582 913 | 59 195 | 10,2 | 49,80 | 20,71 | 29,49 | 40,0 | 38,9 | 3,7 |
| פלאצקער | 553 633 | 51 454 | 9,3 | 59,98 | 24,60 | 15,42 | 35,0 | 39,6 | 1,8 |
| קאלישער | 840 597 | 71 657 | 8,5 | 60,93 | 32,05 | 7,02 | 37,6 | 31,8 | 0,8 |
| **סך-הכל** | **9 402 253** | **1 321 100** | **14,1** | **61,57** | **25,09** | **13,34** | **37,7** | **45,3** | **2,7** |
| וואלינער | 2 989 482 | 395 782 | 13,2 | 30,13 | 48,89 | 20,98 | 51,0 | 49,3 | 3,0 |
| כערסאנער | 2 733 612 | 339 910 | 12,4 | 70,89 | 10,18 | 18,93 | 30,5 | 14,9 | 3,8 |
| פאדאליער | 3 018 299 | 370 612 | 12,3 | 27,76 | 57,44 | 14,80 | 46,4 | 44,2 | 2,4 |
| קיעווער | 3 559 229 | 433 728 | 12,2 | 33,41 | 48,51 | 18,08 | 31,6 | 37,9 | 3,1 |
| טשערניגאווער | 2 297 854 | 114 452 | 5,0 | 47,87 | 18,25 | 33,88 | 26,1 | 7,6 | 2,1 |
| יעקאטערינאסלאווער | 2 113 674 | 101 088 | 4,8 | 63,34 | 4,46 | 32,20 | 26,6 | 6,7 | 1,8 |
| טאורישע | 1 447 790 | 60 752 | 4,2 | 64,74 | 13,60 | 21,66 | 13,6 | 21,1 | 1,2 |
| פאלטאווער | 2 778 151 | 110 944 | 4,0 | 73,01 | 7,60 | 19,39 | 29,5 | 3,3 | 1,0 |
| **סך-הכל** | **20 938 091** | **1 927 268** | **9,2** | **43,96** | **35,98** | **20,06** | **31,2** | **30,2** | **2,4** |
| בעסאראבער | 1 935 412 | 228 528 | 11,8 | 47,98 | 26,54 | 25,48 | 37,4 | 55,7 | 3,8 |
| **סך-הכל** | **42 338 567** | **4 899 327** | **11,6** | **48,84** | **33,05** | **18,11** | **36,9** | **39,9** | **2,8** |

זיך, ווען מיר טיילן די 25 גובערניעס, ווי גאַנצע לויטן נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, און דערפאַר בלייבט ביי אונז די מעגליכקייט הן פון באַנוצן זיך מיט די אַר־בעטן, וואָס האָבן ביז אַהער וויינינג אויפמערקזאַמקייט געשיינקט דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ און האָבן געטיילט רוסלאַנד נאָר לויטן געאָגראַפישן פּרינציפּ, און הן פון פאַרגלייכן אונזערע ניי־באַאַרבעטע דאַטן מיט די אַלטע.

טאַבעלע XI גיט אונז די אַלגעמיינע צאָל אידן אין די 25 גובערניעס פון תּחום און אויך זייער איינטיילונג, ווי אין באַזונדערע נאַציאָנאַלע פּראָווינצן, אַזוי אויך אין באַזונדערע וואוין־פּונקטן.

אין אַלע 25 גובערניעס זיינען געווען אין 1897־טן יאָר — 4 899 327 אידן, וועלכע האָבן אויסגעמאַכט 11,6 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אין וועלכע פּונקטן האָבן אידן מערסטנטיילס געוואוינט אין תּחום? פון יעדע הונדערט אידן זיינען געווען:

| | |
|---|---|
| 1. אין שטעט | 48,84 |
| 2. אין שטעטלאַך | 33,05 |
| 3. אין דערפער | 18,11 |

כמעט אַ העלפט אידן האָבן שוין אין 1897־טן יאָר געוואוינט אין שטעט; אַ דריטל אידן האָבן געוואוינט אין שטעטלאַך און נאָר אַ זעקסטל פון אַלע רוסלענדישע אידן האָבן דעמאָלס געלעבט אין דערפער. דערצו מוז מען נאָך צוגעבן, אַז דער באַגריף שטאָט איז אין רוסלאַנד ניט גאָר אין גאַנצן באַשטימט און איז אייגנטליך אַן אַדמיניסטראַטיווער און ניט קיין סטאַטיסטישער. ניט וויינינג פּונקטן זיינען אַריין אין דער קאַטעגאָריע „שטעטלאַך“, ווען לויט דער צאָל פון זייערע איינוואוינער, וואָלטן זיי געוויס באַדאַרפט פאַררעכנט ווערן פאַר שטעט. אַלנפאַלס, ביי היינטיגן מאָמענט קאָן מען מיט אַ רוהיגן געוויסן אָננעמען, אַז אין די שטעט וואוינען פון 55 ביז 60 פּראָצענט פון אַלע רוס־לענדישע אידן; אין די שטעטלאַך, לערך ביז 30 פּראָצענט און אין די דערפער — צען־צוועלף פּראָצענט פון אַלע רוסלענדישע אידן.

וואָס פאַר אַ פּראָצענט מאַכן אידן אויס לגבי דער איבעריגער באַפעלקערונג אין די פאַרשיידענע פּונקטן? פון יעדע הונדערט שטאָטישע איינוואוינער מאַכן אידן אויס 36,9%, העכער אַלזאָ פון אַ דריטל. די איבעריגע צוויי דריטל שטאָטישע איינוואוינער באַשטייען אָבער ניט פון איין נאַציע, נאָר פון עטליכע, ווי מיר וועלן זעהן שפּעטער. אין די שטעטלאַך קומט אויס אויף יעדע הונדערט נפשות 39,9 פּראָצענט אידן, אַלזאָ צוויי פינפטל. און אין די דערפער פון די

25 גובערניעס פון תחום מאכן אידן אויס גאר א נישטיגן פראצענט — סך־הכל 2,8.

פון די דאזיגע אלגעמיינע ציפערן ווענן גאנצן תחום זעהען מיר שוין, אז, ראשית, די מערהייט אידן איז קאנצענטרירט אין שטאטישע פונקטן, און אז אין די שטאטישע פונקטן מאכן אידן אויס זעהר אן אנגעזעהענעם פראצענט.

לאמיר איצט איבערגיין צו איינצעלנע קאנטן.

טאבעלע XII

## די אידן אין באזונדערע קאנטן פון תחום (1897).

| קאנט | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג | פראצענט אידן לגבי דער גאנצער באפעלק. | פראצענט פון אלע אידן פון תחום |
|---|---|---|---|---|
| ליטע און ווייס־רוסלאנד | 10 062 431 | 1 422 431 | 14,1 | 29,0 |
| פוילן | 9 402 253 | 1 321 100 | 14,1 | 27,0 |
| אוקראינע | 20 938 091 | 1 927 268 | 9,2 | 39,3 |
| בעסאראביע | 1 935 412 | 228 528 | 11,8 | 4,7 |
| סך־הכל | 42 338 567 | 4 899 327 | 11,6 | 100,0 |

לויט דער אבסאלוטער צאל אידן פארנעמט אוקראינע דאס ערשטע ארט, וואו ס'זיינען געווען 39,3 פראצענט פון אלע אידן פון תחום. נאכדעם גייט ליטע און ווייס־רוסלאנד מיט 29,0 פראצענט און אויפן דריטן ארט פוילן, וואו ס'זיינען געווען 27,0 פראצענט פון אלע אידן פון תחום. לויט דער רעלאטיווער צאל אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג שטייען אויפן ערשטן ארט ליטע און ווייס־רוסלאנד און פוילן, וואו די אידן מאכן אויס 14,1 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג; נאכדעם גייט בעסאראביע מיט 11,8 פראצענט אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג, און דאס לעצטע ארט פארנעמט אוקראינע, וואו די אידן מאכן אויס סך־הכל 9,2 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג.

מיר האבן גענומען דעם דורכשניטליכן פראצענט אידן אין גאנצע קאנטן. אין באזונדערע גובערניעס פון יעדער קאנט איז דער פראצענט אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג גאנץ פארשיידן. אין ליטע און ווייס־רוסלאנד איז דער העכסטער פראצענט אידן, 17,5 — אין גראדנער גובערניע; און דער קלענסטער פראצענט — 11,8 — אין וויטעבסקער גובערניע. אין פוילן איז דער העכסטער

פראצענט אידן — 18,2 — אין ווארשעווער גובערניע, און דער קלענסטער — 8,5 — אין קאלישער. אין אוקראינע איז דער העכסטער פראצענט אידן — 13,2 — אין וואלינער גובערניע און דער קלענסטער — 4,0 — אין פאלטאווער.

צוויי ערשיינונגען ווירקן אויף דער אבסאלוטער און רעלאטיווער צאל אידן אין דער אדער יענער גובערניע: די לאנגיאריגקייט פונם אידישן ישוב אין דער געגעבענער גובערניע און די אנטוויקלטע אינדוסטריע. פאלן ביידע מאמענטן צוזאמען, ווי אין ווארשעווער, פיעטערקאווער און גראדנער גובערניע, דערגרייכט דארטן דער אידישער ישוב זיין העכסטע מדרגה אין אלע פרטים. פאלן ביידע מאמענטן ניט צוזאמען, דאן האט אפט די גרעסערע ווירקונג די לאנגיאריגקייט פון אידישן ישוב, נאר ס'טרעפט אויך, אז די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע באקומט די אויבער־האנט. דאס איז שוין געווענדט אין דעם, וואס פאר א אינדוסטריע ס'איז אנטוויקלט אין דער אדער יענער גובערניע און אויף וויפיל דער האנדל האט דארט א גרויסן פלאץ. אין יעקאטערינאסלאווער גובערניע מאכן די אידן אויס א סך א וויניגערן פראצענט, ווי אין וואלינער גובערניע, ניט געקוקט אויף דעם, וואס אין דער ערשטער איז די פאבריקאציע מער אנטוויקלט; פארקערט, אין כערסאנער גובערניע מאכן די אידן אויס א גרעסערן פראצענט, ווי אין קיעווער און פאדאלער גובערניע, הגם דער אידישער ישוב אין כערסאנער גובערניע איז א סך יונגער פונם אידישן ישוב פון די לעצטע צוויי גובערניעס.

לאמיר איצט זעהן די צעטיילונג פון אידן אין באזונדערע פונקטן אין פארשיידענע קאנטן.

טאבעלע XIII

## פון יעדע הונדערט אידן וואוינען אין שטעט, שטעטלאך און דערפער

| קאנט | שטעט | שטעטלאך | דערפער |
|---|---|---|---|
| ליטע און ווייס־רוסלאנד | 43,79 | 37,44 | 18,74 |
| פוילן | 61,57 | 25,09 | 13,34 |
| אוקראינע | 43,96 | 35,98 | 20,06 |
| בעסאראביע | 47,98 | 26,54 | 25,48 |
| סך־הכל | 48,84 | 33,05 | 18,11 |

מיר זעהען, אז דעם גרעסטן פראצענט שטאטישע אידן פארמאגט פוילן

— מער פון 60 פּראָצענט פון אַלע פּוילישע אידן וואוינען אין שטעט. נעמט מען וואַרשעווער און פּיעטערקאָווער גובערניעס, וואָס פאַרנעמען דעם ערשטן אָרט לויט זייער הויך אנטוויקלטער אינדוסטריע, זעהט מען, אַז אין דער ערשטער וואוינען אין שטעט 81,49 און אין דער צווייטער 73,54 פּראָצענט פון אַלע אידן פון די דאָזיגע גובערניעס. דאָסזעלבע חזרט זיך איבער אין אוקראַינע. בִּכְלַל וואוינען אין אוקראַינע אין די שטעט נאָר 43,96 פּראָצענט פון אַלע אוקראַינישע אידן, אין כערסאָנער גובערניע אָבער — 70,89 פּראָצענט; אי יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע — 63,34 פּראָצענט. אויך אין די גובערניעס, וואו דער אידישער ישוב איז אַ יונגער, ווי, למשל, אין טאַווערישער אָדער פּאָלטאַווער גובערניע, הגם די פאַבריקאַציע איז דאָרטן ניט שטאַרק אנטוויקלט, דאָך איז קאָנצענטרירט דער גרעסטער פּראָצענט אידן אין די שטעט — אין פּאָלטאַווער 73,01 פון אַלע אידן פון דער דאָזיגער גובערניע און אין טאַווערישער — 64,74 פּראָצענט. דאָס איז אויך אַ פאַרשטאַנדליכע זאַך — דער אידישער אָרימער בעל־מלאכה פון ליטע און וואָלין, וואָס זוכט פּרנסה אין קרים אָדער בִּכְלַל אין די דרום־גובערניעס, געפינט זי גיכער אין די שטעט, ווי אין די שטעטלאַך אָדער דערפער. אין דעם פּרט זיינען זעהר אינטערעסאַנט כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס. אין די שטעטלאַך פון די דאָזיגע גובערניעס איז גאָר אַ קליינער פּראָצענט אידן — אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע וואוינען אין שטעטלאַך סך־הכל 4,46 פּראָצענט פון אַלע אידן פון דער גובערניע און אין כערסאָנער גובערניע — 10,18 פּראָצענט. אין די דערפער קומט אויס אַ גרויסער פּראָצענט אידן, דאָס איז אָבער נאָר דערפאַר, וואָס אין די צוויי גובערניעס זיינען פאַראַן אַ סך אידישע קאָלאָניעס. אין דער אמתן, ווען מען רעכנט אַראָפּ די אידישע קאָלאָניעס, קומט אויס, אַז פון 85 ביז 90 פּראָצענט אידן פון כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס וואוינען אין שטעט. דאָ חזרט זיך אַלזאָ איבער דיזעלבע ערשיינונג, וואָס מיר זעהען פון יענער זייט ים — די אידישע עמיגראַציע גייט כמעט אויסשליסליך אין די שטעט און דערצו אין די גרויסע שטעט.

דער פּראָצענט אידן, וואָס וואוינט אין דערפער אין פאַרשיידענע קאַנטן און אין פאַרשיידענע גובערניעס באַווייזט דאָס זעלבע — וואָס מער די פאַבריקאַציע איז אנטוויקלט אין דעם אָדער יענעם קאַנט, אין דער אָדער יענער גובערניע, אַלץ קלענער איז דער פּראָצענט אידן, וואָס בלייבט אין דאָרף. אין פּוילן וואוינען אין דערפער 13,34 פון אַלע פּוילישע אידן און אין ליטע און

ווייס־רוסלאנד 18,74. אין אוקראינע, ווען מען רעכנט אראפּ די אידישע קאָ־לאניעס, וועט דער פּראצענט אידן אין די דערפער זיין נידעריגער, ווי אין ליטע און ווייס־רוסלאנד. אין װארשעווער, פּיעטערקאווער און קאלישער גובערניעס, וואס האבן אן אנטוויקלטע פאבריקאציע, וואוינען זעהר ווייניג אידן אין די דערפער — 8,8 פּראצענט; 11,51 און 7,02 לויט דעם סדר פון די אויסגערעכנטע גובערניעס; אין ראדאמער, קעלצער און לובלינער גובערניעס באגעגענען מיר שוין אזא פּראצענט אידן אין די דערפער, וואס דערמאנט די אפּגעשטאנענע גאליציע — 41,44; 40,21; 39,64 לויט דעם סדר פון די אנגעוויזענע גובערניעס. דאס־זעלבע זעהט מען אין ליטע, ווען מען פארגלייכט גראדנער גובערניע (14,54 פּרא־צענט אידן אין די דערפער) מיט מאהילעווער גובערניע (23,06 פּראצענט אידן אין די דערפער).

מיר האבן ביז אהער גערעדט וועגן די אידן אין פארשיידענע פונקטן, ווי וועגן א זעלבשטענדיגן כּלל. לאמיר איצט זעהן, ווי איז די לאגע פון אידן אין פארשיידענע וואוין־פונקטן אין פארגלייך מיט דער ארומיגער באפעלקערונג פון די זעלבע ערטער. אין די דערפער מאכן אידן אויס אומעטום — אין אלע קאנטן און אין אלע גובערניעס — אזא נישטיגן פּראצענט, אז ס'איז ניט כּדאי דערויף זיך אפּשטעלן. מיר וועלן דעריבער זיך פארנעמען נאר מיט די שטעט און שטעטלאך.

טאבעלע XIV

## דער פּראצענט אידן אין שטעט און שטעטלאך (1897).

| קאנט | שטעט | שטעטלאך |
|---|---|---|
| ליטע און ווייס־רוסלאנד | 52,6 | 58,2 |
| פּוילן | 37,7 | 45,3 |
| אוקראינע | 31,2 | 30,2 |
| בעסאראביע | 37,4 | 55,7 |
| סך־הכּל | **36,9** | **39,9** |

מיר זעהען, אז אין ליטע און ווייס־רוסלאנד בילדן די אידן אן אבסאלוטע מערהייט הן אין די שטעט און הן אין די שטעטלאך — פון הונדערט שטאטישע איינוואוינער זיינען 52,6 אידן און פון הונדערט שטעטלשע איינוואוינער

58,2 אידן. מיר וועלן שפעטער זעהן, פון וויפיל נאציאנאלע גרופעס באַ־שטייען די איבעריגע איינוואוינער פון די שטעט פון ליטע און ווייס־רוסלאַנד, און דעמאָלס וועלן מיר ערשט פאַרשטיין, וואס פאַר א כח די אידן פאַרמאָגן אין די שטעט פונם דאָזיגן קאַנט. גיט אזוי גינציג איז די לאַגע אין פוילן. דאָ בילדן די אידן אין די שטעט סך־הכל 37,7 פּראָצענט, האָבנדיג אַנטקעגן זיך א מערהייט פון העכער זעכציג פּראָצענט, וועלכע באַשטייט זעהר אַפּט כמעט אויסשליסליך פון איין נאציאָנאַלער גרופּע — פון פּאָלאַקן. דער דאָזיגער חסרון קויפט זיך אָבער אויס מיט דעם, וואס אין די פּוילישע שטעט זיינען קאָנצענטרירט אַבסאָלוט גרויסע מאסן אידן. די אידן אין וואַרשע מאַכן מאַקי אויס נאָר קוים 38 פּראָצענט (1913), און די פּאָלאַקן בילדן דאָרט 56 פּראָצענט (1913); די אַבסאָלוטע צאָל אידן איז אָבער אזאַ גרויסע, אז די אַסימילאַציע קאָן דאָ האָבן זעהר שוואַכע וואָרצלען און, פאַרקערט, די נאַציאָנאַלע קולטור געפינט דאָ דעם גינציגסטן באָדן. אין די שטעטלאך פון פוילן מאַכן שוין די אידן אויס כמעט א העלפט — 45,3.

נאָך א קלענערן פּראָצענט, ווי אין פוילן, מאַכן די אידן אויס אין די שטעט און שטעטלאך פון אוקראַינע — 31,2 פּראָצענט אין די שטעט און 30,2 פּראָצענט אין די שטעטלאך. ווי מיר וועלן אָבער זעהן שפּעטער, ווען מיר וועלן איבערגיין צום נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל פון די שטעט, איז די לאַגע אין אוקראַינע אין דער אמתן א סך גינציגער, ווי אין פוילן. אין אוקראַינע איז נישטאָ קיין איין נאַציע, וואס זאָל בילדן א מערהייט אין די שטעט. די באַפעל־קערונג פון די שטעט פון אוקראַינע באַשטייט מערסטנטיילס פון דריי גלייכע פעלקער־גרופּעס: אידן, גרויס־רוסן און אוקראַינער.

אין בעסאַראַביע מאַכן די אידן אויס 37,4 פּראָצענט אין די שטעט, און אין די שטעטלאך מער פון א העלפט — 55,7.

מיר זעהען, אז דוקא אין די קאַנטן, וואס פאַרמאָגן א גרויסע פאַבריקאַציע און וואס זייערע שטעט ציהען צו צו זיך א גרויסן פּראָצענט פון דער אידישער קאַנט־באַפעלקערונג — דוקא אין די דאָזיגע פּראָווינצן בילדן די אידן לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג א קלענערן פּראָצענט אין די שטעט. דאָס דער־קלערט זיך דערמיט, וואס אין די אינדוסטריעל אַנטוויקלטע קאַנטן עמיגרירן אין די שטעט גרויסע נישט־אידישע מאַסן. און דעריבער קומט אויס, אז דוקא אין די גובערניעס, וואו דער גרעסטער פּראָצענט אידן איז קאָנצענטרירט אין די שטעט, מאַכן די אידן דאָך אויס לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג א קלענערן פּראָצענט

אין די שטעט, ווי אין די גובערניעס, וואו ס'איז קאנצענטרירט א קלענערער פראצענט פון דער אידישער באפעלקערונג אין די שטעט.

אין ווארשעווער גובערניע וואוינען אין שטעט 81,49 פון אלע אידן פון דער גובערניע, — און דאך בילדן די אידן אין די שטעט נאר 33,9 פראצענט פון דער גאנצער שטאטישער באפעלקערונג; אין סעדלעצער גובערניע וואוינען אין די שטעט נאר 52,21 פראצענט פון אלע אידן פון דער גובערניע, זיי מאכן אבער אויס אין די שטעט 53,7 פראצענט פון דער גאנצער שטאטישער באפעלקערונג. דאס זעלבע זעהען מיר אין אוקראינע — אין וואלינער גובערניע, וואו נאר 30,13 פראצענט פון אלע אידן פון דער גובערניע וואוינען אין שטעט, מאכן די אידן אויס 51,0 פראצענט פון דער שטאטישער באפעלקערונג פון דער גובערניע, און אין כערסאנער גובערניע, וואו מער פון 70 פראצענט פון אלע אידן פון דער גובערניע וואוינען אין שטעט, מאכן די אידן אויס אין די שטעט נאר 30,5 פראצענט פון דער גאנצער שטאטישער באפעלקערונג.

פון די נאר וואס געבראכטע צוויי ביישפילן איז קלאר, וואס פאר א גרויסע ראלע ס'שפילט אין אידישן לעבן די אבסאלוטע קאנצענטראציע פון די אידישע מאסן. ווארום קאן דאך קיין צוויי מיינונגען ניט זיין וועגן דעם, וואס־ע גובערניעס, צי ווארשעווער און כערסאנער אדער סעדלעצער און וואלינער, זיינען גינציגער פאר דער אנטוויקלונג פון דער אידישער נאציאנאלער קולטור.

אין עלף (פון 25) גובערניעס פון תחום וואוינט מער פון א העלפט פון דער אידישער באפעלקערונג אין שטעט; אין זיבן גובערניעס וואוינט פון 40 ביז 50 פראצענט פון אלע אידן אין שטעט; אין פינף — פון 30 ביז 40 פראצענט פון אלע אידן; און נאר אין צוויי גובערניעס — קאוונער און פאדאלער — זיינען אין די שטעט קאנצענטרירט וויי־ניגער פון 30 פראצענט פון אלע אידן, און דער גרעסטער פראצענט פון דער אידישער באפעלקערונג פון די דאזיגע צוויי גובערניעס געפינט זיך אין די שטעטלאך.

בנוגע צו דער אלגעמיינער באפעלקערונג פון די שטעט איז די לאגע אזוי: אין אכט גובערניעס מאכן די אידן אוים אן אבסאלוטע מערהייט, האבנדיג אין די שטעט מער פון א העלפט פון דער גאנצער שטאטישער באפעלקערונג — פון 50 ביז 60 פראצענט; אין זעקס גובערניעס האבן די אידן פון 40 ביז 50 פראצענט פון אלע שטאטישע איינוואוינער, און אין די דאזיגע זעקס גובערניעס בילדן די אידן א רעלאטיווע מערהייט, זייענדיג אין די שטעט שטארקער פון יעדע פון אלע איבעריגע נאציעס, וואס וואוינען אין

די דאזיגע גובערניעס; אין 7 גובערניעס מאכן די אידן אוים פון 30 ביז 40 פראצענט פון אלע שטאטישע איינוואוינער און אין די דאזיגע גובערניעס פארנעמען שוין די אידן דאס צווייטע ארט, אפטרעטנדיג דאס ערשטע ארט אן אנדער פאלק; זיי שטעלן אבער פאר אזא גרויסע צאליגע קראפט, אז מע מוז זיך מיט זיי שטארק רעכענען. און נאר אין 4 גובערניעס גיבן די אידן ווייניגער פון 30 פראצענט פון די שטאטישע איינוואוינער — די דאזיגע אלע פיר גובער־ניעס געפינען זיך אבער אין אוקראינע, וואו אין די שטעט געפינט זיך א גרויסער פראצענט גרויס־רוסן, און דאס אנשפארן זיך פון די אוקראינער אויף די סימפא־טיעס פון די אידן איז אומפארמיידליך.

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן אין די 25 גובערניעס פון תחום אין 1897־טן יאר?

2. וואס פאר א פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן אידן דעמאלט אויסגעמאכט?

3. וואס פאר א פראצענט פון אלע אידן פון תחום האט געוואוינט: אין די שטעט? אין די שטעטלאך? אין די דערפער?

4. וואס פאר א פראצענט האבן אידן אוים געמאכט אין 1897־טן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג: אין די שטעט? אין די שטעטלאך? אין די דערפער?

5. וואס פאר א פראצענט פון אלע אידן פון תחום האט געוואוינט אין 1897־טן: אין ליטע און ווייס־רוסלאנד? אין פוילן? אין אוקראינע? אין בעסאראביע?

6. וואס פאר א פראצענט האבן אידן אויסגעמאכט לגבי דער גאנצער בא־פעלקערונג: אין ליטע און ווייס־רוסלאנד? אין פוילן? אין אוקראינע? אין בעסאראביע?

7. וואסערע סבות ווירקן אויף דער אבסאלוטער און רעלאטיווער צאל אידן אין דער אדער יענער גובערניע?

8. וואס פאר א פראצענט פון אלע אידן פון ליטע און ווייס־רוסלאנד וואוינט: אין שטעט? אין שטעטלאך? אין דערפער?

9. וואס פאר א פראצענט פון אלע אידן פון פוילן וואוינט: אין שטעט? אין שטעטלאך? אין דערפער?

10. וואס פאר א פראצענט פון אלע אידן פון אוקראינע וואוינט: אין שטעט? שטעטלאך? דערפער?

11. וואס פאר א פראצענט פון אלע אידן וואוינט אין שטעט; אין וואר־שעווער גובערניע? אין פיעטערקאווער גובערניע?

12. וואסערע נאך גובערניעס קאנצענטרירן אין זיך א גרויסן פראצענט אידן?

13. אין וואסער א קאנט וואוינט דער גרעסטער פראצענט אידן אין דערפער?

14. אין וואסער א קאנט וואוינט דער קלענסטער פראצענט אידן אין דערפער?

15. מיט וואס דערקלערן זיך די דאזיגע ערשיינונגען?

16. וואס פאר א פראצענט מאכן אידן אויס לגבי דער גאנצער באפעל־קערונג אין ליטע און ווייס־רוסלאנד: אין די שטעט? אין די שטעטלאך?

17. וואס פאר א פראצענט מאכן אידן אויס לגבי דער גאנצער באפעל־קערונג אין פוילן: אין שטעט? אין שטעטלאך?

18. וואס פאר א פראצענט מאכן אידן אויס לגבי דער גאנצער באפעל־קערונג אין אוקראינע: אין שטעט? אין שטעטלאך?

19. וואס פאר א ראלע שפילט די אבסאלוטע צאל אידן אין די שטעט?

20. אין וואסערע קאנטן איז די גינציגסטע לאגע פאר דער אידישער באַ־פעלקערונג אין די שטעט: צוליב דעם גרויסן פראצענט אידן? צוליב דער צע־ברעקלקייט פון די איבעריגע נאציאנאלע גרופעס?

21. פאלט צוזאמען די אבסאלוטע קאנצענטראציע פון די אידישע מאסן מיט זייער רעלאטיווער צאל לגבי דער גאנצער באפעלקערונג?

22. וואסערע סבות ווירקן אין דעם פרט?

23. אין וויפיל גובערניעס וואוינט אין שטעט פון דער גאנצער אידישער באפעלקערונג: מער פון א העלפט? פון 40 ביז 50 פראצענט? פון 30 ביז 40 פראצענט?

24. אין וויפיל גובערניעס מאכן די אידן אויס לגבי דער גאנצער באַ־פעלקערונג: אן אבסאלוטע מערהייט? א רעלאטיווע מערהייט? א באדייטנדיגע מינדערהייט?

## קאפיטל 5.

# דער נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון די 25 גובערניעס פון תחום.

די אלע פראגעס, וואס מיר האבן אנגערירט אין פריהערדיגן קאפיטל, וועלן ווערן פאר אונז א סך קלארער און פארשטאנדליכער, ווען מיר וועלן אויפ־הערן אָפּערירן מיטן טערמין „די גאנצע באפעלקערונג“, ווי אלע אידישע סטא־טיסטיקער האבן געטאָן ביז איצט, און וועלן צעגלידערן די דאזיגע גאנצע באַ־פעלקערונג לויט איר פיל־פעלקערליכן צוזאמענשטעל. טאבעלע XV (זעה ביי־לאגע) גיט אונז דעם אידישן תחום אין זיין אמתן פיל־פארביגן נאציאנאלן גע־שטאלט, און מיר באקומען גאר אן אנדער בילד וועגן די פארפלאנטעטע און פארוויקלטע קעגנזייטיגע נאציאָנאלע פארהעלטענישן, ווי ווען מיר באנוצן זיך מיט דעם צעשווּאומען און פארדעקנדיגן טערמין „די גאנצע באפעלקערונג“. דאס קאנקרעטע רעאלע לעבן מיט זיין גאנצן פיל־פעלקערליכן פלאנטער, וואס האט פארוואנדלט דעם תחום אין אן ארענע פון פארביטערטן נאציאנאלן קאמף, טרעט דא ארוים מיט זיין גאנצער שארפקייט און בולטקייט און דעקט אויף פאר אונז דעם הינטער־גרונט פון א סך ערשיינונגען, וואס זעהען אויס מאדנע און ניט פארשטאנדליך. לאמיר נאר זעהן, ווי זיינען שטארק פארשיידענע פעלקער אין פארשיידענע קאנטן פון תחום.

איידער מיר גייען איבער צו דער טאבעלע XV, מוזן מיר מאכן איינינע באמערקונגען. ראשית, אין גרונט פון דער דאזיגער טאבעלע איז געלעגט די טיילונג פון דער באפעלקערונג לויט דער שפראך און ניט לויט דער רעליגיע. אזוי ווי נאר גאר א קליינער פראצענט אידן פון תחום, סך־הכל 2,05, האבן ניט אנגעגעבן קיין אידיש פאר זייער מוטער־שפראך, בייט זיך ניט שטארק די לאגע. דאך פארקלענערט זיך די צאל אידן אויף קרוב צו 85 טויזנט, וועלכע האבן אנגעגעבן פרעמדע שפראכן פאר זייער מוטער־שפראך. אין די גובערניעס, וואו דער פראצענט אידן, וואס האבן אנגעגעבן פרעמדע שפראכן פאר זייער מוטער־שפראך, איז א הויכער, ווירקט דאס אויף דעם פראצענט אידן אין די שטעט. למשל, אין ווארשעווער גובערניע מאכן די אידן אויס אין די שטעט לויט דער רעליגיע — 33,9 פראצענט און לויט דער שפראך נאר — 29,9, ווייניגער מיט גאנצע פיר פראצענט.

שנית, מוז מען געדיינקען, אז די צאל גרויס־רוסן איז געוויס אן אויפ־געבלאזענע און אנטשפרעכט ניט דער ווירקליכער לאגע. די ארגאניזאטארן און

דורכפירער פון דער פאלקסציילונג פון 1897־טן יאר זיינען געווען פאראינטערע־
סירט אין דעם, אז אין רעזולטאט זאל זיך באקומען א גרויסער פראצענט גרויס־
רוסן אין די עק־מדינות, און דעריבער האט מען זיך געסטארעט אריינשרייבן אין
דער רובריק פון גרויס־רוסן א סך עלעמענטן, וואס געהערן אין דער אמתן צו
די אוקראינער, ווייס־רוסן און אנדערע פעלקער. דער נאציאנאלער באוואוסט־
זיין פון די מאסן איז נאך דעמאלט געווען א נידעריגער און האט מיטגעהאלפן
דער טענדענץ פון דער אפיציעלער סטאטיסטיק. ס'איז דעריבער קיין ספק ניט,
אז דער פראצענט גרויס־רוסן אין פיל גובערניעס און באזונדערס אין די שטעט
איז אין דער ווירקליכקייט א סך נידעריגער, ווי ס'איז אנגעוויזן אין דער טא־
בעלע. און נאך איין זאך. אין די עק־מדינות זיינען תמיד געווען קאנצענטרירט
א סך גרויס־רוס־שע מיליטער־טיילן, און דאס האט אויך קינסטליך פארגרעסערט
דעם פראצענט גרויס־רוסן אין די אלע קאנטן, וועגן וועלכע מיר ריידן.

איצט גייען מיר איבער צום אינהאלט פון דער טאבעלע. אין די 25
גובערניעס פון תחום זיינען געווען אין 1897־טן יאר 42 338 567 נפשות. פון
זיי זיינען געווען:

| | | |
|---|---|---|
| 1. אוקראינער | 16 071 756 | 38,0 % |
| 2. פאליאקן | 7 672 359 | 18,1 % |
| 3. ווייס־רוסן | 5 624 250 | 13,3 % |
| 4. אידן | 4 815 212 | 11,4 % |
| 5. גרויס־רוסן | 3 398 772 | 8,0 % |
| 6. ליטווינער | 1 604 042 | 3,8 % |
| 7. מאלדאוואנער | 1 094 899 | 2,6 % |
| 8. דייטשן | 936 115 | 2,2 % |
| 9. לעטן | 299 250 | 0,7 % |
| 10. איבעריגע פעלקער | 821 912 | 1,9 % |
| **סך־הכל** | **42 338 567** | **100,0** |

מיר זעהען, אז אויף דעם שטיק פלאץ, וואס שטעלט מיט זיך פאר די 25
גובערניעס פון תחום, לעבן מער פון צען נאציעס, און 9 פון זיי שטעלן מיט
זיך פאר אזעלכע גרויסע מאסן, וואס מען קאן קיין איינע פון זיי ניט מבטל
מאכן. פון דער אנדערער זייט איז ניטא קיין איין פאלק, וואס זאל בילדן אזא

טאבעלע XVI

# נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון די פיר קאנטן פון תחום (1897).

(אין אבסאלוטע צאלן)

| נאציעס / קאנטן | אידן | פאלאקן | אוקראינער | גרויס־רוסן | ווייס־רוסן | ליטווינער | לעטן | דייטשן | אנדערע | אינגאנצן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| **I. ליטע און ווייס־רוסלאנד** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 1 414 157 | 563 854 | 362 526 | 582 442 | 5 446 218 | 1 299 494 | 299 250 | 21 762 | 73 108 | 10 062 811 |
| אין די שטעט | 615 691 | 151 069 | 5 925 | 215 264 | 139 367 | 20 019 | 4 492 | 15 987 | 15 979 | 1 183 793 |
| **II. פוילן** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 1 267 072 | 6 755 503 | 333 255 | 272 072 | 26 567 | 304 548 | — | 404 846 | 38 390 | 9 402 253 |
| אין די שטעט | 763 399 | 1 052 546 | 27 986 | 173 722 | 676 | 6 783 | — | 111 847 | 21 703 | 2 158 662 |
| **III. אוקראינע** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 1 905 815 | 353 002 | 14 996 277 | 2 386 013 | 151 465 | — | — | 449 301 | 696 218 | 20 938 091 |
| אין די שטעט | 818 664 | 38 160 | 737 763 | 966 489 | — | — | — | 26 064 | 143 906 | 2 731 046 |
| **IV. בעסאראביע** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 228 168 | — | 379 698 | 158 245 | — | — | — | 60 206 | 1 109 095 | 1 935 412 |
| אין די שטעט | 109 065 | 6 154 | 46 214 | 71 963 | — | — | — | — | 59 936 | 293 332 |
| **אין אלע קאנטן פון תחום** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 4 815 212 | 7 672 359 | 16 071 756 | 3 398 772 | 5 624 250 | 1 604 042 | 299 250 | 936 115 | 1 916 811 | 42 338 567 |
| אין די שטעט | 2 306 819 | 1 298 381 | 817 888 | 1 376 986 | 140 043 | 26 802 | 4 492 | 153 898 | 241 384 | 6 366 693 |

טאבעלע XVII

## נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון די פיר קאנטן פון תחום (1897).

(אין רעלאטיווע צאלן)

| קאנטן / נאציעס | אידן | פּאָלאַקן | אוקראינער | גרויס־רוסן | ווייס־רוסן | ליטווינער | לעטן | דייטשן | אנדערע | אינגאנצן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| **I. ליטע און ווייס־רוסלאנד** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 14,1 | 5,6 | 3,6 | 5,8 | 54,1 | 12,9 | 3,0 | 0,2 | 0,7 | 100,0 |
| אין די שטעט | 52,0 | 12,8 | 0,5 | 18,2 | 11,8 | 1,7 | 0,4 | 1,3 | 1,3 | 100,0 |
| **II. פוילן** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 13,5 | 71,9 | 3,5 | 2,9 | 0,3 | 3,2 | — | 4,3 | 0,4 | 100,0 |
| אין די שטעט | 35,4 | 48,8 | 1,3 | 8,0 | 0,03 | 0,3 | — | 5,2 | 1,0 | 100,0 |
| **III. אוקריינע** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 9,1 | 1,7 | 71,6 | 11,4 | 0,7 | — | — | 2,2 | 3,3 | 100,0 |
| אין די שטעט | 30,0 | 3,3 | 27,0 | 33,5 | — | — | — | 0,9 | 5,3 | 100,0 |
| **IV. בעסאראביע** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 11,8 | — | 19,6 | 8,2 | — | — | — | 3,1 | 57,3 | 100,0 |
| אין די שטעט | 37,2 | 2,1 | 15,8 | 24,5 | — | — | — | — | 20,4 | 100,0 |
| **אין אלע קאנטן פון תחום** | | | | | | | | | | |
| אינגאנצן | 11,4 | 18,1 | 38,0 | 8,0 | 13,3 | 3,8 | 0,7 | 2,2 | 4,5 | 100,0 |
| אין די שטעט | 36, 2 | 20,4 | 12,9 | 21,6 | 2,2 | 0,4 | 0,1 | 2,4 | 3,8 | 100,0 |

מערהייט אין אלע 25 גובערניעס, וועלכע זאלן אים געבן רעכט צו פרעטענדירן אויף ווערן בעל־הבית אין דער גאנצער געגנט. און וויי‌ניגער פון אלץ די גרויס־רוסן און די פּאָלאַקן, וואס האבן ביידע היסטארישע תביעות און טענות און וואס בילדן ביידע צוזאמען קוים א פערטל פון דער גאנצער באפעל־קערונג.

די טאבעלעס XVI און XVII, וועלכע זיינען צוזאמענגעשטעלט אויפן גרונט פון דער טאבעלע XV, געבן גאנץ אינטערעסאנטן מאטעריאל אויף צו באשטימען דעם ווערט און וואג פון יעדער נאציע הן אין גאנצן תּחום און הן אין דעם קאנט, וואו זי בילדט א מערהייט אדער א מינדערהייט.

נעמען מיר באזונדערע קאנטן, געפינען מיר אין יעדן פון זיי א באשטימטע נאציאנאלע מערהייט, אבער קיינמאל ניט אזא גרויסע מערהייט, וואס זאל קאנען פרעטענדירן אויף אבסאלוטע אלייניגע הערשאפט. די פאלאקן אין די צען גובערניעס פון פוילן מאכן אויס 71,9 פראצענט; די אוקראינער אין אוקראינע — 71,6 פראצענט; די ווייס־רוסן מאכן אויס אין ליטע און ווייס־רוסלאנד 54,1 פראצענט און די ליטווינער סך־הכל 12,9 פראצענט; און די מאלדאוואנער אין בעסאראבער גובערניע מאכן אויס סך־הכל 47,6 פראצענט.

אמת, יעדע נאציע פון די גאר וואס אויסגערעכנטע האט אייניגע גובער־ניעס, וואו זי בילדעט גאר א גרויסע מערהייט.

די פּאָלאַקן האבן פיר גובערניעס, וואו זיי שטעלן פאר מער פון 80 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג; אין דריי גובערניעס בילדן די פּאָלאַקן פון 70 ביז 80 פראצענט; אין צוויי גובערניעס פון 60 ביז 70 פראצענט און אין איין גובערניע — סוּוואלקער — מאכן די פּאָלאַקן אויס סך־הכל 22,9 פראצענט.

די אוקראינער האבן נאר צוויי גובערניעס, וואו זיי מאכן אויס מער פון 80 פראצענט; אין צוויי גובערניעס האבן די אוקראינער פון 70 ביז 80 פראצענט; אין צוויי גובערניעס פון 60 ביז 70 פראצענט; אין איין גובערניע — כערסאנער — האבן די אוקראינער סך־הכל 53,5 פראצענט און אין טאווּרישער נאך ווייניגער — 42,2 פראצענט.

די ווייס־רוסן האבן צוויי גובערניעס, וואו זיי מאכן אויס מער פון 70 פראצענט; אין צוויי גובערניעס האבן זיי פון 50 ביז 60 פראצענט און אין איין גובערניע סך־הכל 44 פראצענט.

די ליטווינער האבן סך־הכל איין גובערניע, וואו זיי מאכן אויס א מער־הייט פון 66,0 פראצענט — אן קאוונער גובערניע.

די מאלדאוואנער מאכן אויס אין בעסאראביע ווייניגער פון א העלפט — 47,6 %.

פון די אלע נאר וואס געבראכטע דאטן איז קלאר, אז די גרעסטע צאל גובערניעס פון יעדן נאציאנאלן קאנט איז באזעצט פון עטליכע פעלקער. קוקט מען זיך אבער גוט צו צו דער טאבעלע XV, איז גרינג צו באמערקן, אז ס'איז גיטא קיין איין נאציע, ווי געדיכט זי זאל ניט באזעצן דעם אדער יענעם קאנט, וואס זאל ניט האבן קיין באדייטנדיגע טיילן אין די איבעריגע קאנטן. אויף אזא אופן קומט אויס, אז יעדעס פאלק האט א מינדערהייט אין אנדערע קאנטן און איז פאראינטערעסירט אין דער לאגע פון דער דאזיגער מינדערהייט.

פון די 7 672 359 פאלאַקן, וואס זיינען פאראן אין אלע 25 גובערניעס פון תחום, זיינען קאנצענטרירט אין די צען פוילישע גובערניעס נאר 6 755 503, ד. ה. 88 פראצענט און 12 פראצענט פאלאַקן געפינען זיך אין ליטע און ווייס־רוסלאנד און אין אוקראינע. די אוקראאינער האבן אין די פוילישע גובערניעס מער פון 330 טויזנט און אין ליטע און ווייס־רוסלאנד מער פון 360 טויזנט מיטגלידער. די ווייס־רוסן האבן אין אוקראינע — אין טשערניגאווער גובערניע — מער פון 150 טויזנט מיטגלידער. דאס זעלבע חזרט זיך איבער ביי אלע פעלקער.

האלט מען זיך ביי די גובערניעס, קאן מען אויסשניידן פון גאנצן שטח פון תחום גרויסע, פארהעלטניס־מעסיג, פלעצער, וואו די אדער יענע נאציע האט מיט רעכט די אויבערהאנט, אויסמאכנדיג א גרויסע מערהייט. גייט מען אבער איבער צו די שטעט, בייט זיך לחלוטין דאס בילד — דא איז פשוט אוממעגליך צו געפינען ערטער, וואו איין נאציע זאל בילדן א שטארק איבערוויגנדיגע מערהייט. דא זייגען די פעלקער אזוי איבערגעפלאכטן און איינגעפלאכטן איינס אינם אנדערן, אז איין נאציאנאלע פארב איז ממש אוממעגליך.

לאמיר צום ערשטן זעהן, ווי גרויס איז די שטאט־ישע באפעלקערונג ביי יעדער פון די נאציעס, וואס באזעצן דעם תחום. טאבעלע XVIII, וואס איז אויך צונויפגעשטעלט אויפן גרונט פון טאבעלע XV, גיט אן אינטערעסאנט בילד פון דעם, ווי אזוי די שטאטישע באפעלקערונג שפיגלט אין זיך אפ די עקאנאמישע און פאליטישע לאגע פון יעדן פאלק און יעדן קאנט.

## די שטאטישע באפעלקערונג ביי פארשיידענע נאציעס פון תחום (1897).

| נאציעס / ראיאן | אידן | גרויסרוסן | פאלאקן | אוקראאינער | ווייס־רוסן | ליטוויי־נער |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ליטע און ווייס־רוסלאנד | 43,5 | 37,0 | 26,8 | 1,6 | 2,6 | 1,5 |
| פוילן | 60,2 | 63,8 | 15,6 | 8,4 | 2,5 | 2,2 |
| אוקראאינע | 43,0 | 40,5 | 10,8 | 4,9 | — | — |
| בעסאראביע | 47,8 | 45,5 | 100,0 | 12,2 | — | — |
| אין גאנצן תחום | 47,9 | 40,5 | 16,9 | 5,1 | 2,5 | 1,7 |

פון יעדע הונדערט נפשות וואוינען אין שטעט פון גאנצן תחום:

1. ביי אידן 47,9
2. ביי גרוים־רוסן 40,5
3. ביי פאלאקן 16,9
4. אוקראאינער 5,1
5. ווייס־רוסן 2,5
6. ליטווינער 1,7

די אידן פארנעמען דאס ערשטע ארט און די ליטווינער דאס לעצטע. די גרויס־רוסן, וואס האבן אין די גובערניעס פון תחום גרויסע מיליטער־טיילן, האנדלס־עלעמענטן און פאבריק־ארבעטער, גייען באלד נאך די אידן און האבן מער פון פערציג פראצענט פון אלע גרויס־רוסן פון תחום אין שטעט. ביי די פאלאקן וואוינען אין שטעט סך־הכל א זעקסטל פון אלע פאלאקן; ביי די אוקראאינער נאך ווייניגער — סך־הכל איין צוואנציגטל פון אלע אוקראאינער; ביי די ווייס־רוסן — איין פערציגטל און ביי די ליטווינער — איין זעכציגטל.

שוין פון די דאזיגע אלגעמיינע ציפערן קאן מען פארשטיין, ווי פארשיידן ס׳מוז זיין די עקאנאמישע לאגע פון די באזונדערע נאציעס. נאר די זאך ווערט א סך קלארער און פארשטאנדליכער, ווען מיר גייען איבער צו דער לאגע פון יעדער נאציע אין יעדן קאנט.

הויבן מיר אן פון די אידן. דעם מאקסימום שטאטישע באפעלקערונג האבן די פוילישע אידן — מער פון זעכציג פראצענט פון אלע פוילישע אידן וואוינען אין שטעט; דעם מינימום שטאטישע באפעלקערונג פארמאגן די אוק־

ראנישע אידן — 43,0. נאר דער מינימום ביי אידן איז אויך א גענוג הויכער, מער פון צוויי פינפטל. די גרעסערע קאנצענטראציע פון די פוילישע אידן אין שטעט איז א רעזולטאט פון עקאנאמישע סבות — פונם אנטייל פון די פוילישע אידן אין דער אינדוסטריע. די דאזיגע גרעסערע קאנצענטראציע אין די שטעט איז אבער גופא געווארן א פאקטאר פאר דער עקאנאמישער, פאליטישער און קולטורעלער אנטוויקלונג פון די פוילישע אידן. מיר קאנען זיך דא נים אפשטעלן באריכות אויף דער דאזיגער פראגע. ס'איז אבער קלאר, אז אויב דאס פוילישע אידנטום האט ביז איצט געשפילט א גרעסערע ראלע אין אידישן פאליטישן און קולטורעלן לעבן, ווי דאס אוקראינישע אידנטום, איז דאס געווים נים קיין צופאל, און דער שטאטישער כאראקטער פונם גרעסטן טייל פון די פוילישע אידן האט אין דעם א גרויסן חלק.

נעמען מיר די גרויס־רוסן, זעהען מיר, אז וואס ווייטער א קאנט ליגט פון די גרויס־רוסישע גובערניעס, אלץ א גרעסערער פראצענט פון זיי געפינט זיך אין די שטעט. אין ליטע און ווייס־רוסלאנד און אין אוקראינע, וואס זיינען שכנישע קאנטן מיט גרויס־רוסלאנד, וואו בכלל ס'איז ווען ס'נים איז געווען אן אגרארע גרויס־רוסישע קאלאניזאציע, לעבן אין די שטעט פון 37,0 פראצענט (ליטע און ווייס־רוסלאנד) ביז 40,5 פראצענט (אוקראינע) פון אלע גרויס־רוסן; אין בעסאראביע שוין 45,5 פראצענט און אין פוילן, וואו ס'גאר ניטא קיין גרויס־רוסישע דערפער, וואו די גאנצע גרויס־רוסישע באפעלקערונג באשטייט כמעט נאר פון מיליטער, אדמיניסטראציע, באאמטע און לער־פערסאנאל — אט דארטן וואוינען אין די שטעט 63,8 פראצענט פון אלע גרויס־רוסן. די פאלאקן האבן דעם קלענסטן פראצענט שטאטישע באפעלקערונג אין אוקראינע — דער גרעסטער פראצענט פאלאקן אין אוקראינע באשטייט פון גרויסע ערד־באזיצער, וואס וואוינען אין זייערע מאיאנטקעס. דער קאמף פון דער רוסישער רעגירונג מיט די פוילישע פריצים אין ליטע און ווייס־רוסלאנד האט געיאגט די לעצטע אין די שטעט — און אין דעם דאזיגן קאנט וואוינען שוין 26,8 פראצענט פון אלע פאלאקן אין שטעט. פארשטייט זיך, אז דאס איז אויך א נידעריגער פראצענט, און די פוילישע באפעלקערונג בלייבט אויך אין ליטע און אין ווייס־רוסלאנד א דארפישע אדער ריכטיגער געזאגט א מאיאנטעק־באפעלקערונג, ווייל זי באשטייט אויך דארט מערסטנטיילס פון גוט־באזיצער. אין פוילן גופא, וואו פון די אידן וואוינען אין די שטעט מער פון זעכציג פראצענט, מער פון דריי פינפטל, לעבן אין שטעט נאר 15,6 פראצענט פון אלע פאלאקן, ווייניגער

פון איין זעקסטל. אין בעסאראביע־זשע, וואו די פאלאקן זיינען זעהר הייניג און זיינען עמיגראנטן פון דער סאמע לעצטער צייט, וואוינען אלע הונדערט פראצענט פאלאקן אין די שטעט.

די אוקראינער זיינען אומעטום זעהר ווייניג שטאטיש — דעם מאקסימום פון 12,2 פראצענט דערגרייכן זיי אין בעסאראביע. אין אוקראינע גופא וואוינען אין שטעט סך־הכל 4,9 פראצענט פון אלע אוקראינער — ביי אידן און ביי גרויס־רוסן אכט מאל מער; ביי פאלאקן צוויי מאל מער. די אוקראינער זיינען א דארפישע, פויערשע נאציע, און אין די פרעמדע קאנטן, ווי פוילן אדער בעסאראביע, זיינען זיי אויך ניט קיין אנגעקומענע, נאר זיי האבן דארט גרויסע פאסן לאנד, וואס זיינען פון לאנגע יארן באזעצט מיט אוקראינער. און דעריבער האבן זיי אין די דאזיגע קאנטן אויך זעהר א קליינעם פראצענט אין די שטעט.

נאך ווייניגער שטאטיש זיינען די ווייס־רוסן און די ליטווינער, וואס האבן סך־הכל 2,5 פראצענט שטאטישע באפעלקערונג (די ווייס־רוסן) און 1,7 פראצענט (די ליטווינער).

בנוגע צו די נאציאנאלע פארהעלטעניסן אין די שטעט וועלן מיר זיך אפ־שטעלן אויף יעדן קאנט באזונדער. הויבן מיר אן פון ליטע און ווייס־רוסלאנד, וואו די אידן געפינען זיך אין דער בעסטער לאגע בנוגע צום פראצענט, וואס זיי בילדן אין די שטעט.

טאבעלע XIX

## די הויפט־נאציעס אין די שטעט פון ליטע און ווייס־רוסלאנד.

| גובערניעס / נאציעס | אידן | גרויסרוסן | פאלאקן | ווייס־רוסן | ליטווינער | אנדערע | אינגאנצן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| מינסקער | 58,8 | 20,1 | 7,2 | 11,9 | — | 2,0 | 100,0 |
| גראדנער | 57,7 | 15,0 | 12,6 | 9,0 | — | 3,8 | 100,0 |
| מאהילעווער | 52,4 | 13,8 | 2,8 | 30,0 | — | 1,0 | 100,0 |
| וויטעבסקער | 52,1 | 22,3 | 8,2 | 13,3 | — | 4,1 | 100,0 |
| קאוונער | 43,1 | 18,5 | 19,8 | 1,2 | 11,5 | 5,9 | 100,0 |
| ווילנער | 43,0 | 18,6 | 26,6 | 7,6 | 1,9 | 2,3 | 100,0 |
| **סך־הכל** | **52,0** | **18,2** | **12,8** | **11,8** | **1,7** | **3,5** | **100,0** |

טאבעלע XIX גיט אונז זעהר אינטערעסאנטן מאטעריאל וועגן די הויפט־

נאציעס, וואס קעמפן פאר דער העגעמאניע אין די שטעט פון ליטע און ווייס־רוסלאנד. פון דער דאזיגער טאבעלע זעהען מיר, אז די אידן בילדן אין גאנצן קאנט 52,0 פראצענט פון דער גאנצער שטאטישער באפעלקערונג — אן אבסאלוטע מערהייט. די איבעריגע 48 פראצענט פון דער שטאטישער באפעלקערונג ווערן צעטיילט דער־עיקר צווישן די פאלגנדיגע פיר פעלקער:

1. גרויס־רוסן 18,2 פראצענט
2. פאלאקן 12,8 "
3. ווייס־רוסן 11,8 "
4. ליטווינער 1,7 "

דא זעהען מיר זעהר אן אינטערעסאנטע ערשיינונג: די גרויס־רוסן, וואס מאכן אויס אין גאנץ ליטע און ווייס־רוסלאנד סך־הכל 5,8 פראצענט, האבן אין די שטעט מער פון 18 פראצענט; די פאלאקן, וואס האבן אין גאנצן קאנט 5,6 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג, מאכן אויס אין די שטעט מער פון 12 פראצענט; און פארקערט, די צוויי־פעלקער — די ווייס־רוסן און ליטווינער —, וואס מאכן אויס צוזאמען 67 פראצענט פון דער באפעלקערונג, האבן אין די שטעט סך־הכל 13,5 פראצענט — פינף מאל ווייניגער. אט מיט דעם דאזיגן פאקט דערקלערט זיך די שוואכקייט פון די דאזיגע פעלקער, הגם זיי מאכן אויס צוויי דריטל פון דער גאנצער באפעלקערונג פון קאנט. ס'איז דאך אבער גאר קיין ספק ניט, אז די צוקונפט געהער דער מערהייט פון קאנט און ניט פון די שטעט, ווארום ס'וועט ניט אוועק קיין לאנגע צייט און די דארפישע באפעלקערונג, שוין א פארכאפטע פון די נאציאנאלע, פאליטישע און קולטורעלע באוועגונגען און שטרעמונגען, וועט איבערפילן די שטעט און וועט ענדערן זייער פיזיאנאמיע. דער קאמף וועט אבער זיין א שווערער און א פארעקשנטער — און אינם דאזיגן קאמף פון פינף פעלקער פאר די שטעט פון קאנט וועט די שוואכסטע פאזיציע זיין ביי די פעלקער, וואס האבן ניט אין קאנט קיין מאסן און וואס אין די שטעט אליין בילדן זיי ניט קיין גרויסע מינדערהייטן — ביי די גרויס־רוסן און ביי די פאלאקן. מעגן די דאזיגע פעלקער זיין פאליטיש און קולטורעל שטארקער פון אלע דריי איבעריגע פעלקער — פון די אידן, ווייס־רוסן און ליטווינער; דער נצחון מוז געהערן דער ארטיגער באפעלקערונג. די שוואכקייט אבער פון די ארטיגע צוויי גרעסטע פעלקער אין די שטעט מוז זיי צווינגען זוכן שטיצע ביי דער אידישער נאציע, וועלכע האט אין די שטעט די מערהייט. צו דער אבסאלוטער מערהייט פון די אידן אין

די שטעט קומען צו נאך פאקטארן, וואס פארשטארקן זייערע פאזיציעס — די איבעריגע 48 פראצענט פון דער שטאטישער באפעלקערונג זיינען צעברעקלט צווישן פיר נאציעס; די נאציעס, וואס האבן א באדייטנדיגן פראצענט אין די שטעט, האבן נישטיגע מאסן אין קאנט, און דאס שוואכט אפ זייערע פאזיציעס אין די שטעט; די נאציעס, וואס האבן רעכט צו פרעטענדירן אויף זיין די בעלי־בתים אין קאנט, האבן זעהר א קליינעם פראצענט אין די שטעט און אין זייער קאמף קענן די הערשנדיגע נאציעס — קעגן די גרויס־רוסן און פאלאקן — בלייבן זיי אהן דער הילף פון די אידן מאכטלאז.

טאבעלע XX

## די הויפט־נאציעס אין די שטעט פון פוילן (1897).

| נאציעס / גובערניעס | אידן | פאלאקן | גרויס־רוסן | דייטשן | אוקראינער | אנדערע | אינגאנצן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| סעדלעצער | 53,8 | 30,2 | 11,9 | — | 2,3 | 1,8 | 100,0 |
| קעלצער | 51,1 | 40,5 | 7,0 | — | 0,7 | 0,7 | 100,0 |
| ראדאמער | 50,5 | 41,0 | 6,2 | — | 1,0 | 1,3 | 100,0 |
| לאמזשער | 46,8 | 32,3 | 17,1 | — | 1,5 | 2,3 | 100,0 |
| לובלינער | 45,3 | 31,7 | 16,3 | — | 4,7 | 2,0 | 100,0 |
| סוואלקער | 40,0 | 26,9 | 15,4 | 5,2 | — | 12,5 | 100,0 |
| פלאצקער | 34,8 | 45,9 | 14,0 | 2,5 | 2,0 | 0,8 | 100,0 |
| קאלישער | 31,8 | 56,7 | 3,7 | 7,2 | 0,4 | 0,2 | 100,0 |
| פיעטערקאווער | 30,5 | 49,5 | 3,0 | 16,0 | 0,4 | 0,6 | 100,0 |
| ווארשעווער | 29,9 | 58,3 | 7,7 | 1,9 | 1,3 | 0,9 | 100,0 |
| **סך־הכל** | **35,4** | **48,8** | **8,0** | **5,2** | **1,3** | **1,3** | **100,0** |

וואס איז שייך צו באזונדערע גובערניעס פון ליטע און ווייס־רוסלאנד איז דער פראצענט אידן אין די שטעט דערגרייכט זיין מאקסימום אין מינסקער (58,8) און אין גראדנער גובערניעס (57,7). אין קאוונער און אין ווילנער גובערניע מאכן די אידן אויס נאר 43,0 פראצענט. אין די צוויי לעצטע גובערניעס מאכן די פאלאקן אויס א גרעסערן פראצענט ווי דורכשניטליך אין קאנט — 19,8 אין קאוונער און 26,6 אין ווילנער. די גרויס־רוסן דערגרייכן דעם מאקסימום אין די שטעט פון וויטעבסקער גובערניע — 22,3 פראצענט. די ווייס־

רוסן האבן א באדייטנדיגן פראצענט שטאטישע איינוואוינער נאר אין איין מאהילעווער גובערניע — 30,0 פראצענט. און די ליטווינער, וואס האבן דורכ־שניטליך נאר א קליינעם פראצענט שטאטישע איינוואוינער — 1,7 % — דער־גרייכן דעם מאקסימום אין קאוונער גובערניע — 11,5 פראצענט.

א סך פשוטער, ווי אין ליטע און ווייס־רוסלאנד, איז די לאגע אין פוילן — טאבעלע XX. קיין אבסאלוטע מערהייט האט דא ניט קיין איין נאציע. די פאלאקן בילדן א רעלאטיווע מערהייט — 48,8 %; די אידן האבן מער פון א דריטל (35,4) פון אלע שטאטישע איינוואוינער. צווישן די פאלאקן זיינען אבער פאררעכנט געווארן אויך די אידן, וואס האבן אנגעגעבן פויליש פאר זייער מוטערשפראך. אזעלכע זיינען געווען 46 380 אידן. נעמט מען אראפ די דאזיגע צאל און מע גיט זי צו צו די אידן, וועלן די פאלאקן פארלירן אומגעפער צוויי פראצענט, און די אידן וועלן געווינען בערך צוויי פראצענט. אין רעזולטאט וועט אויסקימען, אז די פאלאקן האבן אין די שטעט מער פון די אידן מיט גיין — צען פראצענט, און דאס קאן קאן ניט שפילן קיין גרויסע ראל. אין די פוילישע שטעט שטייען אלזא צוויי נאציעס איינע אנטקעגן דער אנדערער כמעט מיט גלייכע קרעפטן. די פאלאקן זיינען אבער שטארק מיט זייער קראפט אין קאנט, מיט זייער גרויסער מערהייט אין גאנצן לאנד.

טאבעלע XXI

## די הויפט־נאציעס אין די שטעט פון אוקראינע (1897).

| גובערניעס / נאציעס | אידן | גרויסרוסן | אוקראינער | פאלאקן | אנדערע | אינגאנצן |
|---|---|---|---|---|---|---|
| וואלינער | 50,7 | 19,1 | 19,7 | 7,6 | 2,9 | 100,0 |
| פאדאליער | 43,5 | 14,3 | 30,8 | 4,6 | 6,8 | 100,0 |
| קיעווער | 31,0 | 33,9 | 28,2 | 4,7 | 2,2 | 100,0 |
| פאלטאווער | 29,3 | 11,6 | 57,2 | 1,1 | 0,8 | 100,0 |
| כערסאנער | 28,4 | 45,2 | 17,2 | 3,1 | 6,1 | 100,0 |
| טשערניגאווער | 26,0 | 24,1 | 48,8 | — | 1,1 | 100,0 |
| יעקאטערינאסלאווער | 25,9 | 41,8 | 27,0 | 1,8 | 3,5 | 100,0 |
| טאווריש | 11,9 | 49,3 | 10,4 | 2,2 | 26,2 | 100,0 |
| **סך־הכל** | **30,0** | **33,5** | **27,0** | **3,3** | **6,2** | **100,0** |

ניט אין אלע גובערניעס אין פוילן איז די לאגע אלץ איינס. אין דריי גובערניעס (סעדלעצער, קעלצער און ראדאמער) מאכן די אידן אויס אן אב־סאלוטע מערהייט — 53,8, 51,1 און 50,5 לויט דעם סדר פון די גובער־ניעס. אין אנדערע דריי גובערניעס בילדן די אידן א רעלאטיווע מער־הייט: אין לאמושער — 46,8 (די פאלאקן — 32,3), אין לובלינער — 45,3 (די פאלאקן — 31,7) און אין סוואלקער — 40,0 (די פאלאקן — 26,9). די פאלאקן מאכן אויס אן אבסאלוטע מערהייט נאר אין צוויי גובערניעס — אין ווארשעווער (58,3) און אין קאלישער (56,7); אין צוויי גובערניעס א רעלאטיווע מערהייט — אין פיעטערקאווער — 49,5 (די אידן — 30,5) און אין פלאצקער — 45,9 (די אידן — 34,8). אין ווארשעווער און אין פיעטערקאווער גובערניע קאמ־פענסירט זיך אבער די אידישע רעלאטיווע מינדעריהייט מיט דער אבסאלוטער גרייס פון די קאנצענטרירטע מאסן אין ווארשע און אין לאדז. חוץ דעם איז אין פיעטערקאווער און אין קאלישער גובערניעס פאראן א באדייטנדיגער פרא־צענט פון א דריטער נאציע — פון די דייטשן — און דאס מאכט שטארקער די פאזיציעס פון די אידן אין די שטעט פון די דאזיגע גובערניעס.

אינטערעסאנט איז די לאגע אין אוקראינע — טאבעלע XXI — אין גאנצן קאנט איז די שטאטישע באפעלקערונג צעטיילט אויף פאלגנדיגן אופן:

| | |
|---|---|
| 1. אידן | 30,0 |
| 2. גרויס־רוסן | 33,5 |
| 3. אוקראינער | 27,0 |
| 4. פּאָלאקן | 3,3 |
| 5. אנדערע | 6,2 |
| סך־הכל | 100,0 |

ס'איז גאר קיין ספק ניט, אז אין 1897־טן יאר, ווען די אוקראינישע באַ־וועגונג איז נאך געווען גאר אין די ווינקעלאך, האבן ניט ווייניג אוקראינער („מאלא־ראסן" לויט דעם אפיציעלן נאמען) זיך אנגעגעבן פאר גרויס־רוסן. און מיר וועלן זיין געוויס א סך נאהענטער צום אמת, ווען מיר וועלן אננעמען, אז גרויס־רוסן איז געווען ניט מער פון 30 פראצענט און אוקראינער אויך 30 פרא־צענט. דעמאלט באקומען מיר, אז אין אוקראינע זיינען אלע דריי הויפט־נאציעס פון קאנט גלייך פארגעשטעלט אין די שטעט. דא אבער חזרט זיך איבער אין א שוואכערער מאס די לאגע, וואס מיר האבן קאנסטאטירט בנוגע צו ליטע

און ווייס־רוסלאנד: די פרעמדע נאציע — די גרויס־רוסישע, וועלכע איז שוואך אין קאנט — 11,4 — איז נענוג שטארק אין די שטעט; פארקערט, די נאציע, וואס איז אין קאנט די שטארקסטע — די אוקראינישע — 71,6 %, איז אין די שטעט שוואכער. פארשטייט זיך, אז די אוקראינער אין די שטעט פון אוקראינע האבן א סך מער שאנסן, ווי די ווייס־רוסן און ליטווינער אין ליטע און ווייס־רוסלאנד; דערפאר איז אבער אין די אוקראינישע גובערניעס די גרויס־רוסישע קולטור א סך שטארקער, ווי אין די ליטווישע און ווייס־רוסישע, און דער גרויס־רוסישער עלעמענט אין גאנצן קאנט איז אויך א סך באדייטנדיגער — צוויי מאל אזוי פיל —, ווי אין ליטע און ווייס־רוסלאנד. די לאגע שאפט זיך דא אויך אזא, אז די אוקראינער מוזן אנקומען צו די אידן אין זייער קאמף מיט די גרויס־רוסן, און אהן דער שטיצע פון די אידן זיינען זייערע פאזיציעס אין די שטעט שוואכע.

דאס זעהט מען נאך א סך בולטער, ווען מען גייט איבער צו איינצלנע גובערניעס. אין די דריי גובערניעס, וואס צייכענען זיך אויס מיט א אינטענסיווער אינדוסטריע־אנטוויקלונג — כערסאנער, יעקאטערינאסלאווער און קיעווער — בילדן די גרויס־רוסן אין די שטעט אומעטום א רעלאטיווע מערהייט, און נאר דאס צוזאמענגייין פון די אוקראינער מיט די אידן קאן ביישטיין קעגן דער שטארקער גרויס־רוסישער קולטור. אין צוויי גובערניעס פון די דאזיגע דריי בילדן די גרויס־רוסן א גרויסן פראצענט בכלל — אין יעקאטערינאסלאווער 17,9 און אין כערסאנער — 21,9. אזוי ווי די דאזיגע דריי גובערניעס זיינען די רייכסטע און אנטוויקלסטע און פארמאגן די גרעסטע שטעט פון אוקראינע, שפילן זיי א סך א גרעסערע ראלע אין לעבן פון קאנט, ווי אנדערע גובערניעס. אין כערסאנער גובערניע האבן אין די שטעט די אידן (28,4) צוזאמען מיט די אוקראינער (17,2) כמעט ניט מער פון די גרויס־רוסן אליין (45,2). אין יעקאטערינאסלאווער גובערניע איז די לאגע אביסל גינציגער — די אידן (25,9) מיט די אוקראינער (27,0) האבן מער פון די גרויס־רוסן (41,8) מיט עלף פראצענט. און נאר אין קיעווער גובערניע זיינען אלע דריי נאציעס כמעט גלייך פארגעשטעלט אין די שטעט.

די אידן האבן אין די שטעט פון אוקראינע אן אבסאלוטע מערהייט אין איין גובערניע — וואלינער (50,7) און אין איין גובערניע — פאדאליער — א רעלאטיווע מערהייט — 43,5. אין פינף גובערניעס האבן די אידן אין די שטעט פון א פערטל ביז א דריטל איינוואוינער און נאר אין איין

טאווערישער גובערניע האבן די אידן אין די שטעט סך הכל 11,9 פראצענט. די גרויס־רוסן האבן א רעלאטיווע מערהייט אין פיר גובערניעס — קיעווער, כערסאנער, יעקאטערינאסלאווער און טאווערישער. די אוקראינער האבן אן אבסאלוטע מערהייט אין איין גובערניע — אין פאלטאווער 57,2; אין טשערניגאווער גובערניע האבן די אוקראינער אין די שטעט א רעלאטיווע מערהייט — 48,8; אין די איבעריגע גובערניעס האבן די אוקראינער דעם מאקסימום פון דער שטאטישער באפעלקערונג אין פאדאלער גובערניע 30,8 און דעם מינימום אין טאווערישער 10,4. די לאגע איז אלזא אזא, אז אין פארגלייך מיט די גרויס־רוסן, אפילו ניט רעכענענדיג זייער פאליטישע מאכט און קולטורעלע רייכקייט, וואס זיינען ניט קיין קליינע פאקטארן אינם קאמף פאר די שטעט, זיינען די פאזיציעס פון די אידן און פון די אוקראינער אין די שטעט פון אוקראינע א סך שוואכער — און אט א די דאזיגע געמיינזאמע שוואכקייט טרייבט זיי און מוז זיי אומבאדינגט ווייטער טרייבן צו א שלומ׳דיגן צוזאמענלעבן, צו א גאהענטן קאנטאקט אין פאליטישער און קולטורעלער ארבעט, צו אלגעמיינע מיטלען און דרכים אין קאמף פאר נאציאנאלער זעלבשטענדיגער אנטוויקלונג.

## פראגעס.

1. ווי גרויס איז געווען די באפעלקערונג אין תחום אין 1897־טן יאר?
2. וויפיל זיינען געווען אין תחום: אוקראינער? פאלאקן? ווייס־רוסן? אידן? גרויס־רוסן? ליטווינער?
3. וואס פאר א פראצענט מאכן אויס: די פאלאקן אין פוילן? די אוקראינער אין אוקראינע? די ווייס־רוסן אין ליטע און ווייס־רוסלאנד? די ליטווינער? די מאלדאוואנער אין בעסאראביע?
4. אין וויפיל גובערניעס האבן די פאלאקן מער פון 80 פראצענט?
5. אין וויפיל גובערניעס בילדן די אוקראינער מער פון 80 פראצענט?
6. וואסערע טיילן האבן די פאלאקן אין פרעמדע קאנטן?
7. וואסערע טיילן האבן די אוקראינער אין פרעמדע קאנטן?
8. וואס פאר א פראצענט פון דער באפעלקערונג אין גאנצען תחום וואוינט אין שטעט: ביי אידן? ביי גרויס־רוסן? ביי פאלאקן? ביי אוקראינער? ביי ווייס־רוסן? ביי ליטווינער?
9. שפיגלט אפ אין זיך די גרייס פון דער שטאטישער באפעלקערונג די עקאנאמישע און פאליטישע לאגע פון די פארשיידענע פעלקער?

10. וואס פאר א פראצענט בילדן די אידן אין די שטעט פון ליטע און ווייס־רוסלאנד?

11. וויפיל פעלקער, חוץ אידן, זיינען נאך פאראן אין די שטעט פון ליטע און ווייס־רוסלאנד און ווי זיינען זיי איינגעטיילט דארטן?

12. וואס פאר א פראצענט האבן די גרויס־רוסן: אין גאנצן קאנט פון ליטע און ווייס־רוסלאנד און אין די שטעט?

13. וואס פאר א פראצענט האבן די פאלאקן אין דערמאנטן קאנט און אין זיינע שטעט?

14. וואס פאר א פראצענט האבן אידן אין קאנט און אין זיינע שטעט?

15. ווי זיינען פארגעשטעלט אין ליטע און ווייס־רוסלאנד די ליטווינער און די ווייס־רוסן: אין גאנצן קאנט און אין די שטעט?

16. מיט וואס דערקלערט זיך די שוואכקייט פון די ליטווינער און ווייס־רוסן?

17. אין וואס באשטייט די שוואכקייט פון די גרויס־רוסן און פון די פאַלאקן אין די שטעט פון ליטע און ווייס־רוסלאנד?

18. וואסערע פאקטארן פארשטארקן די פאזיציעס פון דער אידישער מערהייט אין די שטעט פון ליטע און ווייס־רוסלאנד?

19. אין וואסערע גובערניעס פון ליטע און ווייס־רוסלאנד האבן די אידן די גרעסטע מערהייט?

20. וואס פאר א פראצענט איינוואוינער האבן די פאלאקן אין די שטעט פון פוילן?

21. וואס פאר א פראצענט האבן אידן אין די שטעט פון פוילן?

22. אין וויפיל גובערניעס פון פוילן האבן די אידן אין די שטעט: אן אבסאלוטע מערהייט? א רעלאטיווע מערהייט?

23. אין וויפיל גובערניעס האבן די פאלאקן אין די שטעט פון פוילן: אן אבסאלוטע מערהייט? א רעלאטיווע מערהייט?

24. וויפיל הויפט־נאציעס וואוינען אין די שטעט פון אוקראינע?

25. ווי טיילן זיך די הויפט־נאציעס אין די שטעט פון אוקראינע?

26. וואס פאר א פראצענט האבן גרויס־רוסן אין אוקראינע: אין גאנצן קאנט און אין די שטעט?

27. וואס פאר א פראצענט האבן פאלאקן אין אוקראינע: אין גאנצן קאנט און אין די שטעט?

28. וואס פאר א פראצענט האבן אידן אין אוקראינע: אין גאנצן קאנט און אין די שטעט?

29. אין וויפיל גובערניעס פון אוקראינע האבן אין די שטעט אן אבסאלוטע מערהייט: די אידן? די גרויס־רוסן? די אוקראינער?

30. אין וויפיל גובערניעס פון אוקראינע האבן אין די שטעט א רעלאטיווע מערהייט: די אידן? די גרויס־רוסן? די אוקראינער?

קאפיטל 6.

# די קאנצענטראציע פון די אידן אין גרויסע קהלות.

מיר האבן ביז אהער גערעדט וועגן דער איינטיילונג פון די רוסלענדישע אידן אין פארשיידענע נאציאנאלע קאנטן און אין פארשיידענע טיפן וואוינערטער: שטעט, שטעטלאך און דערפער. איצט וועלן מיר זיך אפשטעלן אויף דער אידישער באפעלקערונג אין פארשיידענע טיפן שטעט און אויף דער קאנצענטראציע פון די אידן אין גרעסערע קהלות.

טאבעלע XXII

## פון הונדערט אידן פון די 25 גובערניעס פון תחום האבן געלעבט

| | | |
|---|---|---|
| אין שטעט ביז 10 | טויזנט איינוואוינער | 10,23 |
| " " פון 10 ביז 50 " | " | 17,64 |
| " " " 50 ביז 100 " | " | 7,84 |
| " " מיט מער פון 100 " | " | 13,13 |
| **סך־הכל אין שטעט** | | **48,84** |

מיר זעהען, אז דער גרעסטער פראצענט אידן לעבן אין שטעט מיט א באפעלקערונג פון 10 ביז 50 טויזנט מענשן — אין קליינע שטעט. אין גאר גרויסע שטעט — מיט מער פון 100 טויזנט איינוואוינער — וואוינט אויך בערך א גרויסער פראצענט אידן — 13,13. אין גאר קליינע שטעט — מיט א באפעלקערונג ביז 10 טויזנט נפשות — וואוינען מער פון 10 פראצענט פון דער אידישער באפעלקערונג און אין מיטעלע שטעט — פון 50 ביז 100 טויזנט איינוואוינער — סך הכל ביי אכט פראצענט פון אלע אידן. אין אלגעמיינעם קומט אויס, אז אין קליינע שטעט — ביז 50 טויזנט איינוואוינער — וואוינט א גרעסערער פראצענט אידן (27,87), ווי אין די גרויסע שטעט — מער פון 50 טויזנט איינוואוינער (20,97).

מיר האבן שוין פריהער אנגעוויזן, אז אין די גרויסע שטעט, הגם זיי ציהען צו גרויסע אידישע מאסן, מאכן די אידן אויס א קלענערן פראצענט לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג, ווי אין די מיטעלע און קליינע. דאס דערקלערט זיך, ווי מיר האבן געזאגט העכער, מיט דעם, וואס אין די גרויסע שטעט, וואו ס'זיינען קאנצענטרירט די גרויסע פאבריקן און זאוואדן, זאמלען זיך אן גרויסע

מאסן פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג. די דאזיגע לאגע ווערט גוט אילוסט־רירט פון דער טאבעלע, וואס מיר ברייננען באלד.

טאבעלע XXIII.

## דער פראצענט אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג אין פארשיידענע טיפּן שטעט (1897).

| | | |
|---|---|---|
| אין שטעט ביז 10 | טויזנט איינוואוינער | 44,8 |
| „ „ פון 10 ביז 50 | „ „ | 37,7 |
| „ „ פון 50 ביז 100 | „ „ | 41,9 |
| „ „ מיט מער פון 100 | „ „ | 31,8 |
| **אין אלע שטעט פון תחום** | | **36,9** |

מיר זעהען, אז דעם גרעסטן פראצענט לגבי דער גאנצער באפעלקערונג מאכן אידן אויס אין די קלענסטע שטעט, וואס האבן סך־הכל ביז 10 טויזנט איינוואוינער — 44,8 און אין די גרעסטע שטעט — מיט מער פון 100 טויזנט איינוואוינער — מאכן די אידן אויס סך־הכל 31,8 פראצענט.

א סך אינטערעסאנטער איז די פראגע וועגן דער קאנצענטראציע פון אידן אין גרעסערע קהלות, ווייל, ווי מיר האבן שוין אייניגע מאל אנגעוויזן, שפילט די געדיכטקייט פון די אידישע מאסן אין די שטעט די הויפּטראלע אינם שאפן א באדן פאר זעלבשטענדיגן קולטורעלן לעבן. און אין דעם פּרט האט דאס רוסלענדישע אידנטום דורכגעמאכט פארן לעצטן יארהונדערט א קאלאסאלן פּראַ־גרעס. צום אנהויב פון 19־טן יארהונדערט איז גימו געווען אין גאנץ רוסלאנד (מיט פּוילן) קיין איין אידישע קהלה מיט 10 טויזנט אידישע נפשות. אין 1897־טן יאר זיינען שוין געווען קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות 43, און אידן זיינען געווען אין די דאזיגע 43 קהלות מער פון אנדערט־האלבן מיליאן, וואס ס'האט אויסגעמאכט כמעט א דריטל פון אלע אידן פון תחום. נאר נאכן 97־טן יאר האט זיך די קאנצענטראציע ווייטער פאר־גרעסערט און אין 1910־טן יאר זיינען שוין געווען קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות 68, און זיי האבן קאנצענטרירט אין זיך מער פון צוויי מיליאן אידן, וואס ס'האט אויסגעמאכט מער פון א דריטל פון אלע רוס־לענדישע אידן.

דאס אליין איז שוין א פאקט פון גוואלדיג גרויסער וויכטיגקייט — אין

68 פונקטן זיינען צונויפגעזאמלט מער פון א דריטל פון אלע רוסלענדישע אידן, און די מלחמה און די רעוואלוציע האבן אין דעם פרט נאך פארשטארקט דעם פראצעס און ביי איצטיגן מאמענט איז גאר קיין ספק ניט, אז ביז א העלפט פון אלע רוסלענדישע אידן זיינען קאנצענטרירט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות אין יעדער פון זיי.

לאמיר זיך אביסל באריכות'ער אפשטעלן אויף דער דאזיגער פראגע — איוף דער קאנצענטראציע פון די אידישע מאסן אין גרויסע קהלות און אויף דעם טעמפ פון דער דאזיגער קאנצענטראציע. נעמען מיר לכתחילה די 15 גובערניעס פון תחום אהן פוילן. טיילן מיר די קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות אין דריי קאטעגאריעס:

1. מיט מער פון 50 טויזנט אידן;
2. פון 25 ביז 50 טויזנט אידן;
3. פון 10 ביז 25 טויזנט אידן.

טאבעלע XXIV

## דער וואוקס פון די גרעסטע אידישע קהלות אין 15 גובערניעס פון תחום אין משך פון 19־טן יארהונדערט.

(מער פון 50 טויזנט אידן)

| שטעט | סוף פון 18־טן אדער אנהויב פון 19־טן יארהונדערט | | מיטן פון 19־טן יארהונדערט | | 1897 | 1910 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | צאל | יאר | צאל | יאר | | |
| אדעס | 246 | 1795 | 17 000 | 1855 | 138 915 | 152 364*) |
| ווילנע | 6 918**) | 1797 | 23 050 | 1847 | 63 996 | 72 323 |
| יעקאטערינאסלאוו | 320 | 1804 | 3 365 | 1857 | 40 009 | 69 012 |
| בערדיטשעוו | 1 951 | 1789 | 23 160 | 1847 | 41 617 | 55 876***) |
| ביאלאסטאק | 761 | 1765 | 6 714 | 1847 | 41 905 | 52 123 |
| קיעוו | 207 | 1797 | 3 013 | 1863 | 31 801 | 50 792 |
| **סך־הכל** | **10 403** | | **76 302** | | **358 243** | **452 490** |
| קישינעוו | | | 10 509 | 1847 | 50 237 | 60 000*) |
| **סך־הכל** | | | **86 811** | | **408 480** | **512 490** |

*) 1904 יאר    **) בערך    ***) 1914 יאר

טאבעלע XXIV ווייזט אונז די צאל קהלות מיט מער פון 50 טויזנט אידן און אויך ווי אזוי די דאזיגע קהלות זיינען אויסגעוואקסן. מיר זעהען, אז אין די 15 גובערניעס פון תחום (ליטע און ווייס־רוסלאנד, אוקראינע און בע־סאראביע) זיינען געווען גאר גרויסע אידישע קהלות — מיט מער פון 50 טויזנט אידישע נפשות — זיבן, און אין זיי זיינען געווען קאנצענטרירט אין 1910־טן יאר — 512 490 אידן. אזוי ווי אין די 15 גובערניעס איז געווען אין 1910־טן יאר בערך פון 3 700 000 ביז 3 800 000 אידן, קומט אויס, אז אין די 7 גרעסטע אידישע קהלות איז געווען קאנצענטרירט פון 12 ביז 14 פראצענט פון אלע אידן פון די דאזיגע גובערניעס. גיבן מיר צו צו די דאזיגע 7 קהלות ווארשע און לאדז און מיר וועלן באקומען, אז אין 9 קהלות האבן געוואוינט אין 1910־טן יאר קרוב צו א מיליאן אידן, ד. ה. א זעקסטל פון אלע רוסלענדישע אידן (מיט פוילן).

אינטערעסאנט איז אבער באזונדערס די טאבעלע XXIV מיט דעם, וואס זי ווייזט אונז דעם טעמפ פון דער קאנצענטראציע פון די אידישע מאסן אין 19־טן יאר־הונדערט. ווענן זעקס קהלות (אהן קישינעוו) האבן מיר דאטן ווענן פיר פעריאדן:

1. ווענן אנהויב פון 19־טן יאר־הונדערט,
2. ווענן מיטן פון 19־טן יאר־הונדערט,
3. ווענן סוף פון 19־טן יאר־הונדערט,
4. ווענן אנהויב פון 20־טן יאר־הונדערט.

וואס זשע זעהען מיר? אין די זעקס קהלות, אין וועלכע ס'האבן געלעבט אין 1910־טן יאר 452 490 אידן, האבן צוריק מיט הונדערט יאר געלעבט סך־הכל 10403 — 43 מאל ווייניגער.

נעמען מיר אן די דאטע פון סוף פון 18־טן יארהונדערט פאר הונדערט, באקומען מיר אזא בילד פון דער אנטוויקלונג פון די זעקס קהלות (אדעס, ווילנע, יעקאטערינאסלאוו, בערדיטשעוו, ביאליסטאק און קיעוו):

| | |
|---|---|
| 1. סוף פון 18־טן יארהונדערט | 100 |
| 2. מיטן פון 19־טן יארהונדערט | 733 |
| 3. 1897־טן יאר | 3444 |
| 4. 1910־טן יאר | 4350 |

פאר די ערשטע פופציג יאר האט זיך די באפעלקערונג פון די זעקס גרעסטע אידישע קהלות פארגרעסערט זיבן מאל; פאר הונדערט יאר האט זי זיך פאר־גרעסערט מער פון 34 מאל און פאר הונדערט מיט צען יאר מער פון 43 מאל.

באזונדערס אינטענסיוו האט זיך אנטוויקלט די אידישע באפעלקערונג אין אדעס, יעקאטערינאסלאוו און קיעוו. אין אדעס איז געווען ין 1795־טן יאר סך־הכל 246 אידן, און זיי האבן אויסגעמאכט דעמאלט ביז 10 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג. אין 1904־טן יאר האט אדעסער קהלה שוין פאר־מאגט מער פון 152 טויזנט אידישע נפשות — די פארגרעסערונג איז געווען 620 מאל; די גאנצע באפעלקערונג האט זיך פארגרעסערט פאר דערזעלבער צייט נאר 200 מאל. די אידישע באפעלקערונג איז געוואקסן אין אדעס דריי מאל אינטענסיווער, ווי די אלגעמיינע באפעלקערונג. אין 1917־טן איז שוין געווען אין אדעס 185 טויזנט אידן.

אינטענסיוו איז אויך געווען דער וואוקס פון יעקאטערינאסלאווער אידישער קהלה — פון 320 נפשות אין 1804־טן יאר ביז 69 012 אין 1910־טן און ביז 76 430 אין 1917־טן. די אידישע באפעלקערונג האט זיך פארגרעסערט אין משך פון הונדערט יאר 215 מאל. די אלגעמיינע באפעלקערונג האט זיך פארגרעסערט נאר 42—40 מאל. די אידישע באפעלקערונג האט זיך פאר־גרעסערט פינף מאל אינטענסיווער פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג. און כמעט דאס זעלבע חורט זיך איבער אין קיעוו — פון 207 אידן אין 1797־טן ביז 50 792 אין 1910־טן — א פארגרעסערונג פון 245 מאל. ביי דער אלגעמיינער באפעלקערונג איז געווען די פארגרעסערונג נים מער פון 25 מאל. די אידישע קהלה אין קיעוו איז געוואקסן צען מאל אינטענסיווער, ווי די גאנצע באפעל־קערונג פון דער שטאט. אין 1917־טן יאר איז שוין אין קיעוו געווען מער פון 87 טויזנט אידן און אין 1919־טן מער פון 114 טויזנט אידן — פאר די לעצטע צען יאר האט זיך די קיעווער אידישע קהלה מער ווי פארדאפלט.

די אלע דריי קהלות, וועגן וועלכע מיר האבן נאר וואס גערעדט, זיינען יונגע קהלות, וואס זיינען ערשט אין 19־טן יארהונדערט אדער אין סוף פון 18־טן יארהונדערט געבוירן געווארן. א סך שוואכער איז געווען דער וואוקס פון די אלטע אידישע קהלות. די ווילנער אידישע קהלה האט זיך פארגרעסערט אין משך פון 19־טן יארהונדערט סך־הכל צען מאל; די בערדיטשעווער — 28 מאל; די ביאליסטאקער — 68 מאל.

מיר גייען איבער צו דער צווייטער קאטעגאריע — צו די שטעט מיט אידישע נפשות פון 25 ביז 50 טויזנט. טאבעלע XXV גיט אונז א רשימה פון 14 אזעלכע שטעט אין די 15 גובערניעס פון תחום. אין 13 שטעט פון זיי זיינען געווען אידן:

1. אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט 30 652
2. אין מיטן „ „ „ 89 019
3. אין 1897־טן יאר 359 017
4. אין 1910־טן יאר 428 530

טאבעלע XXV

## דער וואוקס פון די מיטעלע אידישע קהלות אין 15 גובערניעס פון תחום אין משך פון 19־טן יארהונדערט (פון 25 ביז 50 טויזנט אידן).

| שטעט | סוף פון 18־טן אדער אנהויב פון 19־טן יארהונדערט | | מיטן פון 19־טן יארהונדערט | | 1897 | 1910 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | צאל | יאר | צאל | יאר | | |
| מינסק | 2 716 | 1802 | 12 976 | 1847 | 47 562 | 45 103 |
| וויטעבסק | 3 389 | 1812 | 9 417 | 1847 | 34 420 | 43 616 |
| זשיטאמיר | 1 261 | 1791 | 9 489 | 1847 | 30 748 | 38 427 |
| קאוונע | (*1 508 | 1797 | 2 013 | 1847 | 25 448 | 37 105 |
| בריסק דליטא | 3 175 | 1766 | 8 136 | 1847 | 30 608 | 36 524 |
| קרעמענטשוג | 454 | 1801 | 3 745 | 1847 | 29 869 | 32 674 |
| דווינסק | 749 | 1805 | 2 918 | 1847 | 32 400 | 31 210 |
| יעליסאוועטגראד | 574 | 1803 | 8 073 | 1861 | 23 969 | 29 000 |
| אומאן | 1 895 | 1801 | 4 333 | 1747 | 17 945 | 28 267 |
| פינסק | 1 600 | 1801 | 5 050 | 1847 | 21 065 | 28 063 |
| מאהילעוו גוב. | (*3 675 | 1801 | 7 897 | 1847 | 21 539 | 27 474 |
| גראדנע | 8 422 | 1816 | 10 300 | 1859 | 22 684 | (**25 191 |
| באברויסק | 1 234 | 1805 | 4 702 | 1847 | 20 760 | 25 876 |
| **סך הכל** | **30 652** | | **89 049** | | **359 017** | **428 530** |
| האמעל | | | 9 730 | 1864 | 20 385 | 47 505 |
| **סך הכל** | | | **98 779** | | **379 402** | **476 035** |

די פארגרעסערונג איז געווען:

1. פאר פופציג יאר 3 מאל;

*) מיטן אויעזר

**) 1896 יאר

2. פאר הונדערט יאר 12 מאל;
3. פאר 110 יאר 14.

אין דער טאבעלע XXV זעהען מיר אויך, אז די יונגע דרום־קהלות וואקסן א סך שנעלער און אינטענסיווער, ווי די אלטע ליטווישע קהלות. מינסקער אידישע קהלה האט זיך פארגרעסערט פאר דער גאנצער צייט סך־הכל 16 מאל; גראדנער גאר נאר דריי מאל; וויטעבסקער — 12 מאל און יעליסאוועטגראדער אידישע קהלה האט זיך פארגרעסערט 50 מאל; קרעמענטשוגער — 72 מאל.

אין דער טאבעלע XXV זיינען צונויפגענומען כמעט אלע גרעסטע אידישע קהלות פון אנהויב פון 19־טן יארהונדערט, חוץ ווילנער און בערדיטשעווער, וועלכע זיינען אריין אין דער טאבעלע XXIV. און קוקן מיר דורך ביידע נאר וואס דערמאנטע טאבעלעס זעהען מיר, אז צווישן אלע אלטע אידישע קהלות זיינען געווען צוריק מיט הונדערט יאר זעהר ווייניג קהלות מיט מער פון פינף טויזנט אידישע נפשות. דורכשניטליך האבן פארמאגט די גרעסטע אידישע קהלות פון 19־טן יארהונדערט צו דריי טויזנט נפשות. נעמען מיר די קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט, וועלן מיר באקומען דורכשניטליך צו 30 טויזנט אידישע נפשות — צען מאל מער.

גייען מיר איבער צו דער דריטער קאטעגאריע — צו די קהלות מיט אידישע נפשות פון 10 ביז 25 טויזנט (טאבעלע XXVI). אזעלכע קהלות זיינען געווען אין 1910־טן יאר — 35. וועגן 23 פון זיי האבן מיר ידיעות פאר העכער הונדערט יאר. אין די דאזיגע 23 קהלות זיינען געווען אידן:

1. אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט 34 000
2. „ מיטן „ „ „ 97 982
3. „ 1897־טן יאר 250 438
4. „ 1910־טן „ 357 387

די פארגרעסערונג איז געווען אויף אזא אופן פאר די ערשטע פופציג יאר דריי מאל און פאר דער גאנצער צייט צען מאל. אויך דא זעהען מיר, אז די יונגע דרום־קהלות וואקסן א סך אינטענסיווער, ווי די אלטע ליטווישע, רייסינער אדער וואלינער קהלות.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ראמני | האט | זיך | פארגרעסערט | 105 | מאל |
| פאוולאגראד | „ | „ | „ | 79 | „ |
| כערסאן | „ | „ | „ | 38 | „ |
| לוצק | „ | „ | „ | 12 | „ |

טאבעלע XXVI

## דער וואוקס פון די קלענערע קהלות אין 15 גובערניעס פון תחום אין משך פון 19־טן יארהונדערט (פון 10 ביז 25 טויזנט אידן).

| 1910 | 1897 | מיטן פון 19־טן יארהונדערט | | סוף פון 18־טן אדער אנהויב פון 19־טן יארהונדערט | | שטעט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | | יאר | צאל | יאר | צאל | |
| 24 880 | 9 468 | 1847 | 5 010 | 1802 | 2 003 | לוצק |
| 22 779 | 16 211 | 1847 | 4 629 | 1799 | 2 646 | קאמיענעץ פאדאלסק |
| 20 257 | 11 689 | 1847 | 3 882 | 1787 | 691 | וויניצע |
| 20 000(* | 18 720 | 1847 | 6 665 | 1797 | 3 961 | בעלאיא צערקאוו |
| 20 000(* | 17 755 | 1847 | 3 832 | 1803 | 524 | כערסאן |
| 19 791 | 13 780 | 1847 | 3 788 | 1801 | 2 147 | ראחנע |
| 19 657 | 20 109 | 1880 | 8 325 | 1830 | 811 | ניקאלאיעוו |
| 16 971 | 11 411 | 1847 | 3 107 | 1797 | 1 582 | פראסקוראוו |
| 16 476 | 10 055 | 1847 | 7 671 | 1790 | 968 | מולטשין |
| 14 924 | 13 235 | 1847 | 5 162 | 1799 | 1 347 | באלטע |
| 14 652 | 12 344 | 1847 | 5 411 | 1802 | 2 412 | מאהילעוו פאדאלסק |
| 13 954 | 8 805 | 1847 | 2 783 | 1801 | 1 389 | טשערניגאוו |
| 13 401 | 6 378 | 1847 | 759 | 1803 | 127 | ראמני |
| 13 098 | 5 047 | 1847 | 1 305 | 1797 | 888 | ראגאטשיאוו |
| 12 979 | 10 950 | 1847 | 1 568 | 1802 | 1 773 | טשערקאסי |
| 12 694 | 9 212 | 1847 | 6 661 | 1802 | 2 053 | סטאראקאנסטאנטינאוו |
| 12 663 | 8 521 | 1847 | 2 647 | 1799 | 822 | קאוועל |
| 12 100 | 11 515 | 1847 | 5 700 | 1797 | 1 360 | סלאנים |
| 11 887 | 10 264 | 1847 | 5 897 | 1800 | 1 584 | סלוצק |
| 11 647 | 4 382 | 1847 | 979 | 1803 | 147 | פאוולאגראד |
| 10 897 | 5 977 | 1847 | 3 137 | 1787 | 485 | כמעלניק |
| 10 853 | 7 108 | 1847 | 6 330 | 1797 | 2 800 | דובנע |
| 10 827 | 7 502 | 1847 | 2 734 | 1801 | 1 480 | ראדאמיסל |
| **357 387** | **250 438** | | **97 982** | | **34 000** | **סך־הכל** |
| 19 937 | 10 654 | 1861 | 4 612 | | | בענדער |
| 19 635 | 10 348 | 1861 | 3 920 | | | בעלצי |
| 19 252 | 12 481 | 1847 | 7 225 | | | פאלאצק |
| 15 257 | 7 910 | 1847 | 2 647 | | | פאלאננאיע |
| 12 700 | 8 910 | 1847 | 2 184 | | | סקווירע |
| 12 333 | 5 836 | 1847 | 3 201 | | | ניעזשעל |
| 11 976 | 5 290 | 1857 | 2 849 | | | אליעקסאנדראווסק |
| 11 838 | 9 208 | 1847 | 7 300 | | | אסטראג |
| 11 119 | 9 378 | 1847 | 3 139 | | | נאווא־גראד־וואלינסק |
| 10 617 | 7 722 | 1861 | 2 581 | | | באריסאוו |
| 10 450 | 5 773 | 1847 | 4 442 | | | באר |
| 10 281 | 8 783 | 1847 | 1 715 | | | סאראקי |
| **522 782** | **352 731** | | **143 797** | | | **סך־הכל** |

*) בערך

קאמענעץ־פאדאלסק האט זיך פארגרעסערט 8 מאל
סלאנים " " " 8 "
דובנע " " " 4 "

געמען מיר אלע 35 קהלות פון דער דאזיגער קאטעגאריע, זעהען מיר אז זיי האבן געהאט אלע אין מיטן פון 19־טן יארהונדערט — 143 797 אידן און אין 1910־טן יאר — 522 782, ד. ה. כמעט פיר מאל מער.

טאבעלע XXVII

## דער וואוקס פון די קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן אין פוילן.

| שמעט | יאר 1856 | 1897 | 1908 |
|---|---|---|---|
| ווארשע | 41 062 | 219 149 | 277 787 |
| לאדז | 2 775 | 98 677 | 88 201 |
| לובלין | 8 588 | 24 280 | 31 721 |
| משענסטאכאוו | 2 976 | 11 980 | 21 324 |
| בענדין | 2 440 | 10 839 | 19 540 |
| ראדאם | 1 495 | 11 277 | 16 737 |
| סיעדליעץ | 4 804 | 11 440 | 13 944 |
| פיעטערקאוו | 4 151 | 9 543 | 13 705 |
| טאמאשאוו | 1 863 | 9 386 | 12 985 |
| סוואלקי | 6 407 | 7 458 | 13 002 |
| קאליש | 4 535 | 7 597 | 11 318 |
| פלאצק | 5 251 | 7 721 | 11 906 |
| קיעלץ | 101 | 6 399 | 11 151 |
| לאמזשע | 2 574 | 9 244 | 10 853 |
| **סך־הכל** | **89 022** | **444 990** | **554 174** |
| סאסנאוויצע | | 2 921 | 11 155 |
| ראדאנאשטש | | | 14 041 |
| משיסטע | | | 13 380 |
| **סך־הכל** | **89 022** | **447 911** | **592 750** |

די טאבעלע XXVII ווייזט אונז דעם וואוקס פון די אידישע קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות אין די צען גובערניעס פון פוילן פאר העכער פופציג יאר. פון דער דאזיגער טאבעלע זעהען מיר, אז אזעלכע קהלות זיינען געווען אין 1908־טן יאר 17 מיט א אידישער באפעלקערונג פון 592 750 נפשות. אין 14 פון זיי, וואס זיינען אויך צוריק מיט פופציג יאר געווען די גרעסטע אין פוילן, האבן געלעבט:

| | |
|---|---|
| 1. אין 1856־טן | 89 022 |
| 2. „ 1897 „ | 444 990 |
| 3. „ 1908 „ | 554 174 |

פאר פופציג יאר האט זיך די אידישע באפעלקערונג פון די דאזיגע גרויסע קהלות פארגרעסערט זעקס מאל, ווען בכלל האט זי זיך פארגרעסערט פאר דער צייט נאר דריי מאל. אין די 14 דערמאנטע קהלות האט געלעבט אין 1908־טן יאר א דריטל פון דער גאנצער אידישער באפעלקערונג פון פוילן און אין 1856־טן יאר האט געלעבט אין די זעלבע קהלות נאר פון א זעקסטל ביז א זיבטל פון אלע פוילישע אידן.

באזונדערס שטארק זיינען אויסגעוואקסן די אידישע קהלות אין ווארשע און אין לאדז. אין ווארשע זיינען געווען אידן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין | 1813 | 8 000 | 12 % |
| „ | 1856 | 41 062 | 26 % |
| „ | 1871 | 89 318 | 32,6 % |
| „ | 1882 | 127 917 | 33,40 % |
| „ | 1892 | 163 232 | 33,28 % |
| „ | 1901 | 254 712 | 36,0 % |
| „ | 1908 | 277 787 | 36,90 % |
| „ | 1913 | 317 828 | 37,60 % |

פאר הונדערט יאר האט זיך די אידישע קהלה אין ווארשע פארגרעסערט פערציג מאל. די אלגעמיינע באפעלקערונג האט זיך פאר דעם זעלבן יאר־הונדערט פארגרעסערט נאר ביז 12 מאל — פון 68 000 אין 1808־טן יאר אויף 845 130 אין 1913־טן יאר. און ווירקליך, דער פראצענט אידן אין ווארשע לגבי דער גאנצער באפעלקערונג האט זיך פאר דער צייט פארגרעסערט מער פון דריימאל — פון 12 פראצענט אויף 37,6. די פארגרעסערונג פון דער ווארשעווער אידישער קהלה איז אבסאלוט נים איבערגעריסן געווארן און האט

אין משך פון גאנצן יארהונדערט פראגרעסירט. איגם רעלאטיוון וואוקס פון דער דאזיגער קהלה איז געווען א קלייניטשקע ניט באדייטנדיגע הפסקה — פון 1882־טן ביז 1892־טן יאר, — ווען דער פראצענט פון דער אידישער באפעל־קערונג איז געפאלן פון 33,40 פראצענט ביז 33,28.

די אידישע קהלה אין לאדז איז אויסגעוואקסן פון 1856־טן ביז 1908־טן יאר מער פון דרייסיג מאל. די אלגעמיינע באפעלקערונג איז פאר דער זעלבער צייט אויסגעוואקסן ווייניגער פון 20 מאל. אין 1856־טן יאר האבן די אידן אויסגעמאכט אין לאדז קרוב צו 12 פראצענט און אין 1908־טן יאר אריבער 20 פראצענט.

פון די קלענערע שטעט צייכנט זיך אויס מיט איר גרויסן וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג די שטאט קעלץ, וואו פון 101 איר אין 1856־טן איז געווארן 11151 אין 1908 — א פארגרעסערונג פון 111 מאל, ווען די גאנצע באפעלקערונג האט זיך פאר דער זעלבער צייט פארגרעסערט פון 3639 אויף 31316, ד. ה. נאר פון אכט ביז ניין מאל.

טאבעלע XXVIII

## דער וואוקס פון פארשיידענע טיפן אידישע קהלות אין פוילן פון 1897 ביז 1908־טן יאר.

| קהלות | אבסאלוטע צאל אידן | | פראצענט פון אלע אידן אין פוילן | |
|---|---|---|---|---|
| | 1897 | 1908 | 1897 | 1908 |
| ביז 1000 אידן | 270 814 | 329 524 | 20,5 | 18,8 |
| פון 1000 ביז 5000 אידן | 495 814 | 520 166 | 37,5 | 30,3 |
| פון 5 ביז 10 טויזנט אידן | 167 297 | 282 040 | 12,7 | 16,9 |
| מיט מער פון 10 טויזנט אידן | 387 645 | 584 334 | 29,3 | 34,0 |
| סך־הכל | 1 321 570 | 1 716 064 | 100,0 | 100,0 |

מיר האבן ביי דער באהאנדלונג פון דעם וואוקס פון די גרעסערע אידישע קהלות אין די 15 גובערניעס פון תחום געזעהן, אז אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט האט זיך דער דאזיגער פראצעס שטארק פארגרעסערט. דאס זעלבע זעהען מיר אין די צען גובערניעס פון פוילן. טיילן מיר אלע אידישע קהלות פון פוילן אין 4 קאטעגאריעס:

1. ביז 1000 אידישע נפשות,
2. פון 1000 ביז 5 טויזנט אידישע נפשות,
3. פון 5000 ביז 10 טויזנט אידישע נפשות,
4. און מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות,

וועלן מיר באקומען א קלאר בילד, אויף וויפיל גיכער סוואקסן די גרויסע קהלות פון די קליינע.

דער פראצענט אידן, וואס האט געוואוינט אין די קליינע קהלות — ביז 1000 אידן און פון 1000 ביז 5 טויזנט אידן — האט זיך פארקלענערט פון 58 אויף 49,1; דער פראצענט אידן, וואס האט געוואוינט אין די גרעסערע קהלות — מיט מער פון 5 טויזנט אידן — איז אויסגעוואקסן פון 42 אויף 50,9. דער צוואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג ביי פארשיידענע טיפן קהלות פאר די 11 יאר — פון 1897־טן ביז 1908־טן יאר — איז געווען פאלגנדיגער:

| | | |
|---|---|---|
| 1. | ביי קהלות ביז 1000 אידן | 22 % |
| 2. | " " פון 1000 ביז 5 טויזנט אידן | 5 " |
| 3. | " " " 5000 ביז 10 " " | 70 " |
| 4. | " " מיט מער פון 10 " " | 50 " |

דער קלענסטער צוואוקס איז געווען ביי די קהלות מיט אידן פון 1000 ביז 5 טויזנט — 10 מאל ווייניגער, ווי ביי די גאר גרויסע קהלות, און 14 מאל ווייניגער ווי ביי די מיטעלע קהלות — מיט אידישע נפשות פון 5 ביז 10 טויזנט. דער צוואוקס אין די גאר קליינע קהלות — מיט ווייניגער פון 1000 אידן — איז געווען גרעסער, ווי ביי די קהלות מיט א צאל אידן פון 1000 ביז 5 טויזנט, גאר דאך א סך קלענער, ווי ביי די מיטעלע און ביי די גאר גרויסע קהלות.

מיר זעהען, אז אין אלע קאנטן פון רוסלאנד, וואו גיכער און וואו לאנג־זאמער, גאר אומעטום, אהן אויסנאם, גייט דער פראצעס פון קאנצענטראציע פון די אידישע מאסן אין גרעסערע קהלות. און דאס דאזיגע צונויפזאמלען זיך אין גרויסע געדיכטע מאסן אין די גרויסע שטעט, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר די אידן פון אלע לענדער און מלוכות און וואס האט געפינען זיין ברייטסטן אויסדרוק אין די אימיגראציע־לענדער — אט דאס דאזיגע צונויפנעמען זיך קאמפאקטע מאסן איז געווארן איינער פון די גרעסטע און טיפסטע פאקטארן פאר דער אנטוויקלונג פונם מאדערנעם אידישן לעבן.

## פראגעס.

1. וואס פאר א פראצענט אידן האבן געוואוינט אין די שטעט מיט איינ־וואוינער: ביז 10 טויזנט? פון 10 ביז 50 טויזנט? פון 50 ביז 100 טויזנט? מיט מער פון 100 טויזנט?

2. וואס פאר א פראצענט מאכן אידן אויס לגבי דער גאנצער באפעלקע־רונג: אין די שטעט מיט א באפעלקערונג ביז 10 טויזנט? פון 10 ביז 50 טויזנט? פון 50 ביז 100. טויזנט? מיט מער פון 100 טויזנט?

3. וויפיל קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן זיינען געווען: אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט? אין 1897־טן? אין 1908־טן?

4. וואס פאר א פראצענט פון אלע אידן פון תחום האבן געוואוינט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן: אין 1897־טן? אין 1910־טן?

5. וויפיל קהלות זיינען געווען אין 1910־טן יאר מיט מער פון 50 טויזנט אידן: אין גאנצן תחום? נאר אין ליטע, ווייס־רוסלאנד, אוקראינע און בעסאראביע?

6. וויפיל אידן און וואסער א פראצענט אידן האבן געלעבט אין קהלות מיט מער פון 50 טויזנט אידן?

7. וויפיל אידן האבן געלעבט אין זעקס פון די גרעסטע אידישע קהלות: אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט? אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט?

8. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די אידישע באפעלקערונג פון די זעקס קהלות אין משך פון הונדערט יאר?

9. וויפיל זיינען געווען אידן אין אדעס: אין 1795־טן יאר? אין 1904־טן? אין 1917־טן?

10. וויפיל אידן זיינען געווען אין יעקאטערינאסלאוו: אין 1804־טן יאר? אין 1910־טן? אין 1917־טן?

11. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די אידישע באפעלקערונג אין 19־טן יארהונדערט: אין אדעס? אין יעקאטערינאסלאוו? אין קיעוו?

12. וועלכע אידישע קהלות זיינען אינטענסיווער געוואקסן אין 19־טן יאר־הונדערט: די אלטע צי די יונגע?

13. וויפיל זיינען געווען אין די 15 גובערניעס פון תחום קהלות מיט אידן פון 25 ביז 50 טויזנט?

14. וויפיל האבן געוואוינט אידן אין די דאזיגע קהלות: אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט? אין מיטן פון 19־טן יארהונדערט? אין 1910־טן יאר?

15. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די אידישע באפעלקערונג פון די דאזיגע קהלות: פאר פופציג יאר? פאר הונדערט יאר?
16. ווי גרויס איז געווען א דורכשניטליכע גרויסע אידישע קהלה: אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט? אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט?
17. וויפיל זיינען געווען קהלות מיט אידן פון 10 ביז 25 טויזנט אין 1910־טן יאר?
18. וויפיל אידן זיינען געווען אין די דאזיגע קהלות?
19. ווי שטארק האט זיך פארגרעסערט די אידישע באפעלקערונג פון די דאזיגע קהלות?
20. וואסערע אידישע קהלות זיינען געוואקסן אינטענסיווער אין 19־טן יאר־הונדערט: גאר די גרויסע? די מיטעלע? די קלענערע?
21. וויפיל אידישע קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן זיינען געווען אין פוילן אין 1908־טן יאר?
22. וויפיל אידן זיינען געווען אין די דאזיגע קהלות אין 1908? אין 1856־טן יאר?
23. וויפיל זיינען געווען אידן אין ווארשע צוריק מיט הונדערט יאר? אין 1856? אין 1892־טן?
24. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די אידישע באפעלקערונג פון ווארשע?
25. וויפיל אידן זיינען געווען אין לאדז: אין 1856־טן? אין 1908־טן?
26. וואס פאר א פראצענט אידן וואוינט אין פוילן: אין קהלות מיט ווייניגער פון 1000 אידן? מיט אידן פון 1000 ביז 5000? פון 5 ביז 10 טויזנט? מיט מער פון 10 טויזנט אידן?
27. אין וועלכע פון די אויסגערעכנטע קהלות איז געווען: דער גרעסטער צוואוקס? דער קלענסטער צוואוקס?

קאפיטל 7.

## די אידן אין באלטישן קאנט, צענטראל־רוסלאנד, קאווקאז און סיביר.

מיר האבן אין די פריהערדיגע קאפיטלאך גערעדט וועגן דעם טייל פון רוס־לענדישן אידנטום, וואס איז קאנצענטרירט אין די 25 גובערניעס פון תחום. אונז איז געבליבן זיך נאך אפשטעלן אין קורצן אויף דער קליינער צאל אידן, וואס געפינט זיך אין די איבעריגע טיילן פון רוסלאנד.

סך־הכל זיינען געווען אין 1897־טן יאר אויסער די 25 גובערניעס פון תחום — 316 478 אידן, וועלכע האבן אויסגעמאכט 6,1 פראצענט פון אלע אידן פון רוסלאנד. לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן די אידן אין אלע קאנטן פון אויסערן תחום, חוץ קורלאנד און ליפלאנד, אויסגעמאכט נאר א נישטיגן פראצענט — אומעטום ווייניגער פון איין פראצענט.

די 316 478 אידן האבן געלעבט אין פאלגנדיגע טיילן פון רוסלאנד:

| | |
|---|---|
| 1. קורלאנד און ליפלאנד | 80 753 |
| 2. פעטערבורגער גובערניע | 21 122 |
| 3. כארקאווער און סמאלענסקער גובערניעס | 24 808 |
| 4. דאנער געגנט | 15 978 |
| 5. אין אלע איבעריגע גובערניעס פון אייראפעאישן רוסלאנד | 68 500 |
| **סך־הכל אין באלטישן קאנט און אין צענטראל־רוסלאנד** | **211 221** |
| 6. אין קאווקאז | 56 783 |
| 7. סיביר און מיטל־אזיע | 48 474 |
| **סך־הכל אויסערן תחום** | **316 478** |

פון דער דאזיגער רשימה זעהען מיר, אז א גרויסער חלק פון די אידן, וואס האבן געלעבט אין 1897־טן יאר אויסער די קאנטן, וואו ס'זיינען קאנצענטרירט די קאמפאקטע אידישע מאסן, געפינט זיך אין אזעלכע גובערניעס, וואס ליגן נאר נאהענט צו די אידישע צענטרן. קורלאנד און ליפלאנד, פעטערבורגער, כארקאווער און סמאלענסקער גובערניעס — דאס זיינען אלץ ערטער, וואס ליגן אין שכנות צום געוועזענעם תחום און וואס זייערע אידישע קהלות האבן זיך תמיד געפינען אונטערן שטארקן איינפלוס פון די תחום־קהלות. צעוויים און צע־שפרייט איבער די ווייטע גובערניעס פון צענטראל־רוסלאנד און איבער די נאר

ווייטע קאנטן פון דער רוס׳שער מלוכה, ווי קאווקאז און סיביר, איז גאר א קליינע צאל אידן, אי אבסאלוט אי רעלאטיוו.

מער פון 80 פראצענט פון אלע אידן פון אויסערן תחום וואוינען אין שטעט, אי דאס ניט צעוואָרפן אין א סך שטעט, נאר, פארקערט, צונויפגעזאמלט אין ניט קיין באדייטנדיגער צאל גרויסע שטעט. אזוי, למשל, פון 15 978 אידן, וואס האבן געלעבט אין דאנער געגנט, זיינען געווען אין איין שטאט ראסטאוו 11 838, ד. ה. כמעט 75 פראצענט. פון 8 704 אידן, וואס זיינען געווען אין מאסקווער גובערניע, זיינען געווען אין דער שטאט מאסקווע אליין — 8 473, ד. ה. 97 פראצענט. פון 21 122 אידן אין פעטראגראדער גובערניע זיינען געווען אין איין פעטראגראד — 17 251, ד. ה. 82 פראצענט. פון 13 664 אידן פון כארקאווער גובערניע זיינען געווען אין דער שטאט כארקאוו — 11 013, ד. ה. מער פון 80 פראצענט. אלזא אויך אויסערן תחום בילדן זיך פון די אנגעפארענע אידן גרעסערע אידישע קהלות. ביי איצטיגן מאמענט זיינען שוין אין א סך גרויסע שטעט פאראן גאנץ באדייטנדיגע אידישע קהלות. די קהלות פון פעטראגראד, מאסקווע און כארקאוו ציילן יעדע פון זיי ניט ווייניגער פון 50 טויזנט אידישע איינוואוינער. אין ריגע איז אין 1913־טן יאר געווען — 33 621 אידן.

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן אין 1897־יאר אויסער די 25 גובערניעס פון תחום?

2. וויפיל פון זיי — אין באלטישן קאנט? אין פעטערבורגער גובערניע? אין דאנער געגנט? אין קאווקאז? אין סיביר?

3. וואס פאר א פראצענט פון אלע אידן פון אויסערן תחום וואוינען אין די שטעט?

4. וואס פאר א פראצענט אידן וואוינט אין דער גובערניע־שטאט: אין מאסקווער גובערניע? אין פעטערבורגער גובערניע? אין כארקאווער גובערניע?

5. ווי גרויס זיינען איצט די אידישע קהלות: אין מאסקווע? אין כארקאוו? אין פעטערבורג?

קאפיטל 8.

## דער וואוקס פון די אידן אין עסטרייך און אין פארשיידענע קאנטן אירע.

עסטרייך איז נאך רוסלאנד דער צווייטער אידישער צענטער אין אייראפע — דאס מוז מען פארשטיין ניט נאר אין דעם זינען, וואס אין עסטרייך איז די גרעסטע צאל אידן אין אייראפע נאך רוסלאנד, נאר אויך בנוגע צו א סך אנדערע ערשיינונגען. ווארום ביי די עסטרייכישע אידן זעהען מיר כמעט די איינענע אלע ערשיינונגען, וואס ביי די רוסישע אידן. אמת, ס'זיינען פאראן חלוקים אינם טעמפ פון דעם אדער יענעם פראצעס; ס'זיינען אויך פאראן אייגיגע מאמענטן, וואס מיר באגעגענען אין איין לאנד און געפינען זיי ניט אין צווייטן לאנד — אין גאנצן און אין אלגעמיינעם אבער איז די לאגע אין די צוויי לענדער זעהר ענליך.

אין עסטרייך בילדן די אידן לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג כמעט דעם זעלבן פראצענט, וואס אין רוסלאנד. און אויך אין עסטרייך, הגם דארטן האט מען שוין לאנג פארגעסן אין א תחום, איז פאראן איין קאנט, וואו די מערהייט פון די עסטרייכישע אידן איז קאנצענטרירט, און אין דעם דאזיגן קאנט מאכן די אידן אוים לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג כמעט דעם אייגענעם פראצענט, וואס די אידן אין תחום פון רוסלאנד. ווי אין רוסלאנד, אזוי אויך אין עסטרייך בלייבט דער צענטער פון די אידישע מאסן דער אלטער אידישער ישוב — גאליציע. און ווי פון תחום, אזוי אויך פון גאליציע גייט א גרויסע עמיגראציע הן אין אנדערע קאנטן פון עסטרייך, אזוי אויך אין פרעמדע לענדער. די דאזיגע אינעווייניגסטע און דרויסנדיגע אויסוואנדערונג פונם צענטער פון עסטרייכישן אידנטום האט דאך ניט געווירקט כמעט ניט אויף דער אבסאלוטער און ניט אפילו אויף דער רעלאטיווער צאל פון די אידן אינם דאזיגן קאנט. פארקערט, די צאל אידן איז אין דעם דאזיגן צענטער פון די עסטרייכישע אידן — אין גאליציע — שטארק אויסגעוואקסן, ווען מיר וועלן נעמען א גרעסערן פעריאד צייט און ניט נאר די לעצטע פאר צענדלינג יאר. די אינעווייניגסטע איבערוואנדערונג האט אויך אין עסטרייך, ווי אין רוסלאנד, געבראכט צום אויס־בילדן פון גרעסערע קהלות, הגם די עמיגראציע פון דארף און פון שטעטל אין שטאט אריין איז דארטן א סך שוואכער, ווי אין רוסלאנד. דער טעמפ פון דער קאנצענטראציע פון די אידישע מאסן אין גרויסע קהלות גייט אין עסטרייך לאנגזאמער, פאמעליכער. אין עסטרייך באגעגענען מיר אויך איין ערשיינונג,

וועלכע מיר האבן אין רוסלאנד לחלוטין ניט געזעהן — אין עסטרייך זיינען פאראן פראווינצן מיט אן אלטן היסטארישן אידישן ישוב, וואו די אידישע באַ־פעלקערונג האט זיך פאר די לעצטע יארן אבסאלוט אפילו אויך פארקלענערט. בכלל אבער, האט זיך די צאל פון די עסטרייכישע אידן אויך פארגרעסערט פארן ניינצענטן יארהונדערט אומגעפער אויף אזוי פיל מאל, ווי די רוסישע אידן, לאמיר איבערגיין צום מאטעריאל.

טאבעלע XXIX

## אידן אין עסטרייך אמאל און איצט

| יאר | אבסאלוטע צאל אידן | % פון דער גאנצער באפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1785 | 281 873 | 2,62 |
| 1830 | 355 695 | 3,20 |
| 1869 | 822 220 | 4,03 |
| 1880 | 1 005 394 | 4,54 |
| 1890 | 1 143 305 | 4,78 |
| 1900 | 1 224 899 | 4,68 |
| 1910 | 1 313 698 | 4,59 |

מיר זעהען, אז פאר 125 יאר האט זיך די צאל פון די עסטרייכישע אידן פארגרעסערט מער פון פיר מאל. רעכנט מען צו די אידן, וואס האבן עמיגרירט פון עסטרייך, וועט געווים אויסקומען, אז די צאל פון די עסטרייכישע אידן האט זיך פארגרעסערט פאר דער אנגעוויזענער צייט מער פון פינף מאל. דער פראצענט פון די אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג פון עסטרייך איז אויך אויסגעוואקסן — פון 2,62 פראצענט אין 1785־טן יאר ביז 4,59 אין 1910־טן יאר, כמעט צוויי מאל מער. דערפון איז געדרונגען, אז די אלגעמיינע באפעלקערונג אין עסטרייך איז ניט געוואקסן אזוי שטארק, ווי די אידישע, ווארום וואס איז שייך צו עמיגראציע, נעמט די אידישע באפעלקערונג אין איר א גרעסערן אנטייל, ווי די ניט־אידישע.

אבסאלוט האט די צאל פון די עסטרייכישע אידן זיך תמיד פארגרעסערט; בנוגע צו דער רעלאטיווער זייט קאן מען דאס ניט זאגן. נאר ביזן 1890־טן יאר וואקסט תמיד די רעלאטיווע צאל אידן; פון דעמאלט אן פאלט דער פראצענט אידן לגבי דער

אלגעמיינער באפעלקערונג — פון 4,78 אין 1890־טן יאר ביז 4,59 אין 1910־טן.

גייען מיר איבער פון גאנץ עסטרייך צו אירע באזונדערע פראווינצן, באַקומען מיר זעהר א אינטערעסאנט בילד פון דער אנטוויקלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין פארשיידענע טיילן פון עסטרייך פארן 19־טן יארהונדערט.

שטעלן מיר זיך, ראשית, אפ אויף גאליציע, וואו אין 1785־טן יאר האבן געלעבט מער פון 75 פראצענט פון אלע עסטרייכישע אידן און אין 1910־טן יאר מער פון 66 פראצענט.

טאבעלע XXX

## דער וואוקס פון די גאליצישע אידן אין 19־טן יארהונדערט.

| יאר | אבסאלוטע צאל אידן | % צו דער גאנצער באפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1817 | 200 277 | 5,60 |
| 1857 | 448 973 | 9,60 |
| 1869 | 575 918 | 10,60 |
| 1880 | 686 596 | 11,50 |
| 1890 | 772 213 | 11,60 |
| 1900 | 811 371 | 11,10 |
| 1910 | 872 972 | 10,90 |

פאר א פעריאד פון כמעט הונדערט יאר — פון 1817 ביז 1910 — איז דאס גאליצישע אידנטום אויסגעוואקסן מער פון פיר מאל. אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט האבן אידן אויסגעמאכט נאר 5,6 פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג; אין אנהויב אבער פון 20־טן יארהונדערט האבן זיי שוין אויסגעמאכט כמעט צוויי מאל אזוי פיל — 10,90 פראצענט. דער שנעלער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג האט אבער געדויערט נאר ביזן 1880־טן יאר, ווען דער פראצענט פון די גאליצישע אידן האט דערגרייכט 11,50 פון דער גאנצער באפעלקערונג; פאר די לעצטע דרייסיג יאר איז דער פראצענט פון די אידן א ביסל געפאלן; דאס דערקלערט זיך דערמיט, וואס די אידן עמיגרירן פון גאליציע אין א גרעסערער מאס, ווי די ארומיגע באפעלקערונג.

טאבעלע XXXI

## דער וואוקס פון די אידן אין בוקאווינע.

| יאר | אבסאלוטע צאל אידן | % צו דער גאנצער באפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1780 | 2 383 | — |
| 1827 | 7 828 | — |
| 1850 | 14 581 | 3,82 |
| 1869 | 47 574 | 9,32 |
| 1880 | 67 418 | 11,79 |
| 1900 | 96 150 | 13,17 |
| 1910 | 102 919 | 12,86 |

דער אינטענסיווסטער וואוקס, ווי מען זעהט פון דער נאר וואס געבראכטער טאבעלע, איז געווען ביי די בוקאווינער אידן — פאר 130 יאר האט זיך די צאל פון די בוקאווינער אידן פארגרעסערט 43 מאל. די רעלאטיווע צאל אידן האט זיך פארגרעסערט נאר פאר די לעצטע זעכציג יאר מער פון דריי מאל. אזא מין גרויסער אבסאלוטער און רעלאטיווער צוואקס דערקלערט זיך מיט דער עמיגראציע פון די גאליצישע אידן קיין בוקאווינע.

נאך אינטענסיווער, ווי אין בוקאווינע, איז געווען דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין נידער־עסטרייך, דער עיקר אין דער שטאט ווין. אין 1785־טן יאר איז געווען אין נידער־עסטרייך ניט מער פון עטליכע הונדערט אידישע נפשות און אין 1910־טן יאר האט שוין די צאל אידן דארטן דער־גרייכט 184 779 (פון זיי אין ווין 175 318). דער דאזיגער קאלאסאלער וואוקס דערקלערט זיך מיט דער עמיגראציע פון די עסטרייכישע אידן פון אלע קאנטן פון דער מלוכה קיין ווין.

מיר האבן ביז אהער געוויזן די אנטוויקלונג פון די קאנטן, וואו די אידישע באפעלקערונג איז פארן ניינצעגטן יארהונדערט געוואקסן. און אויב גאליציע קאן ביז א געוויסער מאס צוגעגליכן ווערן צו די וואלינער און ווייס־רוסישע גובערניעס פון תחום, קאן בוקאווינע פארגליכן ווערן מיט די גובערניעס פון דרום־רוסלאנד און ווין מיט דער שטאט אדעס. איצט לאמיר איבערגיין צו

די קאנטן פון דער עסטרייכישער מלוכה, וואו די אידישע באפעלקערונג האט פאר די לעצטע יארן אנגעהויבן אפילו אבסאלוט קלענער ווערן.

אין בעהמען זיינען געווען אידן:

| | | |
|---|---|---|
| אין 1785־טן יאר | | 42 129 |
| „ 1869 „ | „ | 89 933 |
| „ 1890 „ | „ | 94 479 |
| „ 1900 „ | „ | 92 745 |
| „ 1910 „ | „ | 85 826 |

מיר זעהען, אז פאר 84 יאר — פון 1785 ביז 1869־טן יאר — האט זיך די אידישע באפעלקערונג אין בעהמען קוים צוויימאל פארגרעסערט און פון דעמאלט אן הויבט זיך שוין אן א קריזיס; פון 1869 ביז 1890־טן יאר, פאר 21 יאר, האט זיך די אידישע באפעלקערונג פארגרעסערט קוים אויף 5,05 פראצענט (די אלגעמיינע באפעלקערונג האט זיך פאר דער אייגענער צייט פארגרעסערט אויף 13,26 פראצענט). און פאר גאר די לעצטע 20 יאר — פון 1890 ביז 1910 — האט זיך די אידישע באפעלקערונג פון בעהמען פארקלענערט אויף 9,30 פראצענט, ווען די גאנצע באפעלקערונג האט זיך פאר דער אייגענער צייט פארגרעסערט אויף 15,27 פראצענט.

דאס זעלבע, וואס מיר האבן נאר וואס פארצייכנט פאר בעהמען, חזרט זיך איבער אין מערן.

מיר קאנען זיך דא ניט אפשטעלן אויף די סיבות, וואס האבן געבראכט צו דער קאנסטאטירטער ערשיינונג. באמערקן מוזן מיר אבער, אז דוקא בעהמען און מערן האבן אן אנטוויקלטע אינדוסטריע און אן אנטוויקלטן האנדל און אוועקשטעלן די פארקלענערונג פון דער אידישער באפעלקערונג אויפן חשבון פונם עקאנאמישן פאלן פון די קאנטן קאן מען געווים ניט. מען קאן אויך ניט דערקלערן די אנגעוויזענע ערשיינונג מיט דעם פאלן פון די געבורטן ביי דער אידישער באפעלקערונג, ווארום ווי נידעריג ס'איז ניט געפאלן דער נאטירליכער צוואקס אין די צוויי פראווינצן, איז ער דאך ניט דערגאנגען צו דער מדרגה, אז ער זאל געבן א מינוס. מען מוז דעריבער זוכן די סיבה פונם פאלן פון דער אבסאלוטער צאל אידן אין בעהמען און מערן, אין די טשעכישע טיילן פון עסטרייך, מיט דעם נאציאנאלן קאמף, וואס האט זיך דארטן פונאנדערגעברענט די לעצטע צענדליגער יארן. די טשעכן האבן אין די דאזיגע צוויי טיילן פון עסטרייך, וואו זיי האבן אין 1900־טן יאר אויסגעמאכט פון 62,20 פראצענט

(בעהמען) ביז 71,30 פראצענט (מערן) פון דער גאנצער באפעלקערונג, ער־קלערט א קאמף אפילו די דייטשן און האבן אים דורכגעפירט מיט גרויס ער־פאלג. על אחת כמה וכמה שוין, אז די אידן האבן געמוזט ארויסגעשטויסן ווערן דורך די טשעכן אין א גאנץ היפשער מאס.

מיר האבן זיך אפגעשטעלט אויף די עסטרייכישע פראווינצן, וואס פארמאגן צוזאמען 98 פראצענט פון די עסטרייכישע אידן; אויף דער אנטוויקלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין די איבעריגע קאנטן פון דער עסטרייכישער מלוכה לוינט ניט זיך אפשטעלן.

לאמיר גאר זעהן די איינטיילונג פון די עסטרייכישע אידן אין פארשיידענע קאנטן.

טאבעלע XXXII

## די אידן אין פארשיידענע קאנטן פון עסטרייך.

| קאנט | 1869 אבסאלוטע צאל אידן | 1869 % פון אלע עסטרייכישע אידן | 1910 אבסאלוטע צאל אידן | 1910 % פון אלע עסטרייכישע אידן |
|---|---|---|---|---|
| גאליציע | 575 918 | 70,04 | 872 972 | 66,45 |
| נידער־עסטרייך | 52 350 | 6,37 | 184 779 | 14,06 |
| בוקאווינע | 47 574 | 5,79 | 102 919 | 7,83 |
| בעהמען | 89 933 | 10,94 | 85 826 | 6,53 |
| מערן | 42 899 | 5,21 | 41 158 | 3,13 |
| שלעזיען | 6 142 | 0,75 | 13 442 | 1,02 |
| אין אלע איבעריגע קאנטן | 7 404 | 0,90 | 12 602 | 0,98 |
| **סך־הכל אין עסטרייך** | **822 220** | **100,0** | **1 313 698** | **100,0** |

פון דער דאזיגער טאבעלע זעהען מיר, אז אין 1869־טן יאר האט אין גאליציע געוואוינט מער פון 70 פראצענט פון אלע עסטרייכישע אידן און אין 1910 נאר 66,45. אמת, די אבסאלוטע צאל אידן אין גאליציע איז טאקי אויס־געוואקסן אויף 297 054 נפשות, און דאס מאכט אויס מער פון 51 פראצענט פאר 41 יאר. דאס גאנצע עסטרייכישע אידנטום, ניט געקוקט אויף דער עמיגראציע קיין אמעריקע, איז אבער אויסגעוואקסן פאר די אייגענע 41 יאר כמעט אויף 60 פראצענט. דערמאנט מען זיך נאך, אז דער נאטירליכער צו־וואקס ביי די גאליצישע אידן איז א סך גרעסער, ווי ביי די אידן פון אלע איבעריגע

טיילן פון דער עסטרייכישער מלוכה, ווערט קלאר, אז פון גאליציע איז געגאנגען א גאנץ גרויסע עמיגראציע ניט נאר קיין אמעריקע, נאר אויך אין אנדערע קאנטן פון עסטרייך. און דאס זעהט מען מאקי פון דערזעלבער טאבעלע. אין נידער־עסטרייך איז די צאל אידן אויסגעוואקסן פאר די געגעבענע 41 יאר $3^1/_2$ מאל און פון 6,37 פראצענט פון אלע עסטרייכישע אידן איז די צאל אויס־געוואקסן ביז 14,06, מער ווי צוויי מאל אזוי פיל. א גרויסער צוואקס, הגם אַ קלענערער ווי אין נידער־עסטרייך, איז געווען אויך אין בוקאווינע — און פון 5,79 פראצענט פון אלע עסטרייכישע אידן אין 1869־טן יאר האבן די בוקאווינער אידן אויסגעמאכט אין 1910־טן יאר 7,83 פראצענט. אין בעהמען איז דער פראצענט אידן געפאלן פון 10,94 (1869־טן יאר) ביז 6,53 פראצענט (1910). דאס אייגענע זעהען מיר אין מערן — דער פראצענט פון די אידן אין מערן איז געפאלן פון 5,21 פראצענט פון אלע עסטרייכישע אידן (1869) ביז 3,13 (1910).

מיר האבן ביז אהער גערעדט וועגן דעם וואוקס פון די אידן אין עסטרייך אין פארגלייך מיט דער גאנצער באפעלקערונג פון דער דאזיגער מלוכה און אויך וועגן דער איינטיילונג פון די אידן אין פארשיידענע קאנטן. גייען מיר איבער צום נאציאנאלן צוזאמענשטעל פון גאנץ עסטרייך און פון זיינע פארשיידענע קאנטן. דא חזרט זיך פאר אונז איבער כמעט דאס אייגענע בילד, וואס מיר האבן געזעהן אין די 25 גובערניעס פונם רוסלענדישן תחום.

די נאציאנאליטעט ווערט אין דער עסטרייכישער סטאטיסטיק באשטימט אויפן גרונט פון דער אומגאנג־שפראך. די אידישע שפראך איז אפיציעל ניט אנערקענט, און דעריבער איז אפיציעל, אזוי צו זאגן, גאר קיין אידישע נאציע אין עסטרייך ניטא. די צאל אידן ווערט באשטימט אויפן גרונט פון דער רעליגיע און דאס אנטשפרעכט אין דער גרעסטער מאס דער ווירקליכער לאגע. לאמיר צום ערשטן זעהן דעם נאציאנאלן צוזאמענשטעל פון עסטרייך אויפן גרונט פון דער שפראך. דערביי דארף מען האבן אין זינען, אז די אידן ווערן צוגערעכנט צו די נאציעס, וועמענס שפראכן זיי האבן אנגעוויזן פאר זייערע אומגאנג־שפראכן בשעת דער פאלקס־ציילונג. פאקטיש ווערן די אידן צוגערעכנט כמעט אין גאנצן צו די דייטשן און פאלאקן, צו די צוויי הערשנדיגע נאציעס אין עסטרייך.

אין 1910־טן יאר איז געווען אין עסטרייך — 27 963 872 איינוואוינער, וועלכע זיינען באשטאנען פון פאלגנדיגע פעלקער (לויט די שפראכן):

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. דייטשן | 9 950 266 | 35.6 % |
| 2. טשעכן און סלאוואקן | 6 435 983 | 23,0 % |
| 3. פּאלאקן | 4 967 984 | 17,8 % |
| 4. אוקראַינער | 3 518 854 | 12,6 % |
| 5. סלאווענער | 1 252 940 | 4,5 % |
| 6. סערבן און קראָאַטן | 783 334 | 2,8 % |
| 7. איטאַליענער | 768 422 | 2,7 % |
| 8. רומענער | 275 115 | 0,9 % |
| 9. מאַדיאַרן | 10 974 | 0,1 % |
| **סך־הכל** | **27 963 872** | **100,0 %** |

מיר זעהען, אז אין גאַנץ עסטרייך איז ניטאָ קיין איין פאָלק, וואָס זאָל אויסמאַכן אן אַבסאָלוטע מערהייט. די דייטשן האָבן מער פון אַ דריטל (35,6 %) פון אַלע עסטרייכישע אייגוואוינער; די טשעכן מיט די סלאוואַקן האָבן ווייניגער פון אַ פערטל (23,0 %); די פּאָלאַקן סך־הכל ווייניגער פון אַ פינפטל (17,8 %); די אוקראַינער — אן אכטל (12,6 %). די איבעריגע פעלקער זיינען גאָר שוואַך פאַרגעשטעלט. אין אַלגעמיינעם איז די עסטרייכישע מלוכה אַ צוזאַמענגבונד פון כמעט אַ גאַנץ צענדליג פעלקער, וואָס פירן צווישן זיך אַ שרעקליך פאַרביטערטן קאַמף. און אינם דאָזיגן קאַמף שאַפן זיך צענדליגע קאָמבינאַציעס פון געמיינזאַמע און קעגנזעצליכע נאַציאָנאַלע און קלאַסן־אינטערעסן.

דאָס איז בנוגע צו עסטרייך אַלס גאַנצעס. גייט מען איבער צו די באַזונדערע קאַנטן, בייט זיך אַ ביסל דאָס בילד.

אַם שטאַרקסטן איז די באַפעלקערונג געמישט אין בוקאָווינע.

לויט די דאַטן פון דער ציילונג פון 1900־טן יאָר איז די באַפעלקערונג פון בוקאָווינע באַשטאַנען פון:

| | | |
|---|---|---|
| 1. אוקראַינער | 297 798 | 41,10 % |
| 2. רומענער | 229 018 | 31,60 % |
| 3. אידן | 96 150 | 13,17 % |
| 4. דייטשן | 63 681 | 9,00 % |
| 5. פּאָלאַקן | 26 857 | 3,70 % |

מיר זעהען, אז אין בוקאָווינע איז ניטאָ קיין איין נאַציע, וואָס זאָל האָבן

„רעכט'' צו פּרעטענדירן אויף הערשאַפט אין לאַנד. די גרעסטע נאַציע — די אוקראַאינער — האָבן קוים 41,10 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, די רומענער, וואָס ווייזן אַרויס די גרעסטע אַפּעטיטן אויף בוקאָווינע, פאַרמאָגן דאָרט אַפילו ניט קיין דריטל פון דער באַפעלקערונג — קוים 31,60 פּראָצענט. אידן פאַרנעמען אין בוקאָווינע דאָס דריטע אָרט, אויסמאַכנדיג 13,17 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. די אידן זיינען אַלנפאַלס אַזאַ באַדייטנדיגע מינדערהייט אין בוקאָווינע, אַז זייער צושטיין צו דעם אָדער יענעם צד באַשליסט אַפּט דעם גורל פון יעדער פראַגע און דערמיט געוויס דערקלערט זיך, וואָס דאָס בוקאָווינער אידנטום איז געווען די לעצטע צענדליגע יאָרן — די יאָרן פון פאַרעקשנטן נאַציאָנאַלן קאַמף — פּאָליטיש אַ סך אַקטיווער און באַוואוסטזיניגער, ווי די אידן פון די איבעריגע טיילן פון עסטרייך.

ווי איז די לאַגע אין גאַליציע?

נעמען מיר גאַנץ גאַליציע, איז דאָרט אויך ניטאָ קיין איין פאָלק, וואָס זאָל פאַרמאָגן אַן אַבסאָלוטע מערהייט. אין גאַליציע זיינען געווען אין 1900־טן יאָר פאָלגנדיגע נאַציעס:

| | | |
|---|---|---|
| 1. פּאָלאַקן | 3 352 000 | 46,00 % |
| 2. אוקראַאינער | 3 104 103 | 42,60 % |
| 3. אידן | 811 371 | 11,10 % |

ביז 1910־טן יאָר האָט זיך די לאַגע כמעט ניט געענדערט, וואָרום לויט דער דאָזיגער ציילונג זיינען געווען:

| | |
|---|---|
| 1. פּאָלאַקן | 46,52 % |
| 2. אוקראַאינער | 42,08 % |
| 3. אידן | 10,90 % |

פאַר צען יאָר האָט זיך אַ ביסל פאַרקלענערט דער פּראָצענט פון די אידן און פון די אוקראַאינער און, פאַרקערט, דער פּראָצענט פּאָלאַקן האָט זיך אַביסל פאַרגרעסערט. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די אוקראַאינער און באַזונדערס די אידן נעמען אַ גרעסערן אַנטייל אין דער עמיגראַציע, ווי די פּאָלאַקן. די שנויים זיינען אָבער ניט קיין באַדייטנדיגע, און מען קאָן דערווייל ניט ריידן וועגן דעם אַרויסשטויסן פון דער אָדער יענער נאַציע.

נעמען מיר אָבער באַזונדערע טיילן פון גאַליציע, באַקומען שוין די הויפּט־פעלקער — די פּאָלאַקן און די אוקראַאינער — אַזוינע געגנטן, וואו זיי פאַר־

מאגן א גרויסע מערהיים, באזונדערס די פּאלאַקן. אין מערב־גאַליציע האָבן אויסגעמאכט אין 1910־טן יאר:

1. די פּאלאקן 88,5 %
2. די אידן 7,9 %
3. די אוקראינער 3,3 %

מיר זעהען, אז מערב־גאליציע איז באמת א ריין־פּויליש לאנד, און די לאגע פון די נאציאנאלע מינדערהייטן ווערט דארט דעריבער גאנץ שווער. אמת, אין די שטעט זיינען די פארהעלטענישן א ביסל אנדערש. און אין די שטעט מאכן די אידן אוים אפילו אין מערב־גאליציע כמעט א דריטל פון דער גאנצער באַפעלקערונג. דער פּראצענט אידן אין די שטעט פון מערב־גאליציע האלט אבער אין איין פאלן, ווי מיר וועלן זעהן שפּעטער.

אין מערב־גאליציע לעבט ווייניגער פון א פערטל פון אלע גאליציש׳ע אידן — סך־הכל 213 269 נפשות (1910־טן יאר). די איבעריגע מער פון דריי פערטל פון די גאליצישע אידן (659 706 אין 1910־טן יאר) האבן געוואוינט אין מזרח־גאליציע, וואו די נאציעס זיינען שוין מער איבערגעמישט.

אין מזרח־גאליציע זיינען געווען אין 1910־טן יאר:

1. אוקראינער 61,7 %
2. פּאלאקן 25,3 %
3. אידן 12,4 %

די אוקראינער האבן אלזא אין מזרח־גאליציע דריי פינפטל פון דער גאנצער באפעלקערונג; די פּאלאקן איין פערטל; די אידן איין אכטל. אין די שטעט, ווי מיר וועלן זעהן שפּעטער, פארמאגן די אידן מער פון א דריטל פון דער גאנצער באפעלקערונג און בכלל זיינען אין די שטעט די פעלקער א סך מער איבערגעמישט.

די באפעלקערונג פון בעהמען איז באשטאנען אין 1900־טן יאר פון פאלגנדיגע נאציעס:

1. טשעכן 3 900 087 62,20 %
2. דייטשן 2 274 268 36,30 %
3. אידן 92 745 1,50 %

די באפעלקערונג פון מערן איז באשטאנען אין 1900־טן יאר פון:

1. טשעכן 1 727 270 71,30 %

| | | |
|---|---|---|
| 2. דייטשן | 631 237 | 26,08 % |
| 3. אידן | 44 255 | 1,90 % |

איןביידע קאנטן — אין בעהמען און אין מערן — מאכן די טשעכן אויס א באדייטנדיגע מערהייט — אין מערן גאנצע 71,30 פראצענט פון דער באַפעלקערונג און אין בעהמען 62,20 פראצענט. אין ביידע קאנטן זיינען דא א סך קרייזן, וואו די אדער יענע נאציע בילדעט נאר א גרויסע מערהייט — מער אפילו פון 80 פראצענט. אין בעהמען זיינען פאראן ריין־טשעכישע קרייזן — 48 (חוץ דער שטאט פראג); ריין־דייטשע קרייזן — 30; און געמישטע — 17. אין מערן זיינען פאראן ריין־טשעכישע קרייזן — 22; ריין־דייטשע — 6; און געמישטע — 20. די אידן אין בעהמען און אין מערן שפילן זעהר א קליינע ראלע אינם קאמף, וואס ווערט געפירט צווישן די צוויי הויפט־נאציעס — צווישן די טשעכן און דייטשן. די גרעסטע צאל אידן איז נוטה צו דער דייטשער שפראך און שטעלט זיך מערסטנטיילס אויפן צד פון די דייטשן אינם נאַציאָנאַלן קאמף. די לעצטע יארן, ווען די טשעכישע בורזשואזיע איז שוין געווארן גענוג שטאַרק און אגרעסיוו, האבן זיך אנגעהויבן באוויזן צווישן די אידישע בירגער־ליכע שיכטן „טשעכישע פאטריאטן“.

אין נידער־עסטרייך איז אין 1900־טן יאר די באפעלקערונג באשטאנען פון פאלגנדיגע פעלקער:

| | | |
|---|---|---|
| 1. דייטשן | 2 556 645 | 82,80 % |
| 2. טשעכן | 132 968 | 4,80 % |
| 3. אידן | 157 278 | 5,70 % |

אין נידער־עסטרייך מאכן די דייטשן אויס א גרויסע מערהייט — מער פון 82 פראצענט; מע דארף אבער געדענקען, אז אין אמתן איז דער פראצענט פון די דייטשן א סך קלענער. די דאטן זיינען געבויט אויפן גרונט פון דער אומ־גאנג־שפראך — און אין ווין, וואו ס׳געפינט זיך כמעט זעכציג פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג פון נידער־עסטרייך, איז דא זעהר א גרויסער פרא־צענט טשעכן, פאלאקן, אידן, אוקראינער און אנדערע, וועלכע באנוצן זיך מיט דער דייטשער שפראך, נאר האבן אבער ניט פארלוירן דעם צוזאמענבונד מיט זייערע נאציעס. ניט געקוקט פונדעסטוועגן אויף דער גרויסער ווירקונג פון דער דייטשער קולטור און שפראך אין ווין, מאכן די דייטשן דארטן אויס נאר 73,9 פראצענט; די אידן — 8,80 פראצענט; די טשעכן — 6,20 פראצענט.

## פראגעס.

1. אין וואסערע פרטים איז די לאגע פון די אידן אין עסטרייך גלייך צו דער לאגע פון די אידן אין רוסלאנד?

2. וויפיל איז געווען אידן אין עסטרייך — אין 1785־טן יאר? אין 1830־טן? אין 1880־טן? אין 1910־טן?

3. וואסער א פראצענט האבן אידן אויסגעמאכט אין עסטרייך — אין 1785־טן? אין 1830־טן? אין 1880־טן? אין 1890־טן? אין 1910־טן?

4. וואסער א באפעלקערונג האט זיך מער פארגרעסערט אין עסטרייך אין 19־טן יארהונדערט — די אלגעמיינע? די אידישע?

5. וויפיל זיינען געווען אידן אין גאליציע — אין 1817־טן? אין 1869־טן? אין 1910־טן?

6. וואס פאר א פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג האבן אידן דארט אויסגעמאכט — אין 1817־טן? אין 1869־טן? אין 1890־טן? אין 1910־טן?

7. וויפיל זיינען געווען אידן אין בוקאווינע — אין 1780־טן? אין 1850־טן? אין 1910־טן?

8. וואסער א פראצענט האבן אידן אויסגעמאכט אין בוקאווינע — אין 1850־טן? אין 1900־טן? אין 1910־טן?

9. ווי שטארק איז אויסגעוואקסן די אידישע באפעלקערונג אין נידער־עסטרייך?

10. וויפיל זיינען געווען אידן אין בעהמען — אין 1785־טן? אין 1890־טן? אין 1900־טן? אין 1910־טן?

11. וואסערע סיבות האבן געבראכט צו דער אבסאלוטער פארקלענערונג פון דער אידישער באפעלקערונג: אין בעהמען? אין מערן?

12. וואסער א טייל פון די עסטרייכישע אידן וואוינט: אין גאליציע? אין נידער־עסטרייך? אין בוקאווינע? אין בעהמען? אין מערן?

13. אין וואסערע טיילן פון עסטרייך האט זיך פארגרעסערט דער פראצענט אידן פאר דער צייט פון 1869־טן ביז 1910־טן יאר?

14. אין וואסערע טיילן האט זיך דער פראצענט אידן פארקלענערט?

15. פון וואסערע פעלקער באשטייט די עסטרייכישע מלוכה?

16. האט א וואסערע ס'ניט איז נאציע אן אבסאלוטע מערהייט פון עסטרייך?

17. וועמען געהער די רעלאטיווע מערהייט אין עסטרייך?

18. פון וואסערע פעלקער באשטייט:

א) די באפעלקערונג פון בוקאווינע? ב) פון גאליציע? ג) פון מערב־גאליציע? ד) פון מזרח־גאליציע? ה) פון בעהמען? ו) פון מערן? ז) פון ווין?

קאפיטל 9.

# די אידן אין פארשיידענע טיפן וואוין־ערטער פון עסטרייך.

צוויי פראצעסן כאראקטעריזירן די אינעווייניגסטע וואַנדערונג פון די אידישע מאסן אין 19־טן יארהונדערט: ראשית, שטרעבן די אידישע מאסן אין די **גרויסע שטעט**; שנית, שטרעבן זיי צו קאנצענטרירן זיך אין געדיכט־באזעצטע קהלות. און אפילו די עסטרייכישע אידן, וואס בִּכְלָל פארנעמען זיי ניט, אין פרט פון מאדערנער אנטוויקלונג, קיין ארט אין די ערשטע רייהען, האבן ניט אויסגעמיטן דעם אלגעמיינעם גורל פונם היינטיגן אידנטום. אזוי האבן געוואוינט אין 1900־טן יאר אין שטעט מיט מער פון 50 טויזנט איינוואוינער פון יעדע הונדערט נפשות:

1. ביי אידן 23,33 %

2. ביי ניט־אידן 10,60 %

דער חלק פון דער אידישער עסטרייכישער באפעלקערונג, וואס האט געוואוינט אין 1900־טן יאר אין גרויסע שטעט, איז **צוויי מאל** אזוי גרויס, ווי דער זעלבער חלק ביי דער קריסטליכער באפעלקערונג.

אויספירליכערע דאטן בנוגע צום אנטייל פון דער אידישער באפעלקערונג אין פארשיידענע טיפן וואוין־ערטער וועלן מיר ברייגנען ווען יעדן קאנט באזונדער.

טאבעלע XXXIII

## די אידן פון גאליציע אין שטעט, שטעטלאך און דערפער.

| יאר | שטעט: אבסאלוטע צאל אידן | שטעט: % פון אלע אידן | שטעטלאך: אבסאלוטע צאל אידן | שטעטלאך: % פון אלע אידן | דערפער: אבסאלוטע צאל אידן | דערפער: % פון אלע אידן |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1880 | 197 068 | 28,7 | 216 118 | 31,5 | 273 500 | 39,8 |
| 1890 | 218 281 | 28,4 | 236 923 | 31,8 | 313 628 | 40,8 |
| 1900 | 248 203 | 30,6 | 239 443 | 29,5 | 323 537 | 39,9 |
| 1910 | 297 978 | 34,1 | 253 578 | 29,3 | 320 339 | 36,6 |

טאבעלע XXXIII גיט אונז מאטעריאל וועגן די אידן אין פארשיידענע וואוין־ערטער פון גאליציע. פון דער דאזיגער טאבעלע זעהען מיר, אז אין 1910־טן יאר האט געוואוינט אין גאליציע:

1. אין די שטעט 34,1 %
2. אין די שטעטלאך 29,3 %
3. אין די דערפער 36,6 %

קומט אויס, אז אין די שטעט האט געוואוינט אין גאליציע מער פון א דריטל פון דער גאנצער דארטיגער אידישער באפעלקערונג; אין די דערפער האט אבער געוואוינט א גרעסערער פראצענט — 36,6. חוץ בוקאָווינע איז גאליציע דאס איינציגע לאנד אין דער גאנצער וועלט, וואו ס׳וואוינט אזא גרויסער פראצענט אידן אין דערפער.

נעמען מיר די דאטן פאר פארשיידענע צייטן, זעהען מיר, אז דער פראצענט אידן, וואס וואוינט אין די שטעט, האלט אין איין וואקסן, ווען דער פראצענט פון דעם טייל אידן, וואס וואוינט אין די דערפער, האלט אין איין פאלן. אזוי זעהען מיר, אז אין שטעט האבן געוואוינט פון דער אידישער באפעלקערונג אין גאליציע:

1. אין 1880־טן יאר 28,7 %
2. „ 1910 „ „ „ 34,1

דער טייל פון דער אידישער באפעלקערונג, וואס וואוינט אין שטעט, איז אויסגעוואקסן מער ווי אויף 18 פראצענט.

אין די דערפער, פארקערט, האט געוואוינט פון דער אידישער באפעלקערונג:

1. אין 1880־טן יאר 39,8 %
2. „ 1910 „ „ „ 36,6

האט זיך, הייסט עס, דער טייל אידן, וואס וואוינט אין דערפער, פאר־קלענערט אויף 8 פראצענט.

דאס האבן מיר אלץ גערערט וועגן די רעלאטיווע חלקים פון דער גאלי־צישער אידישער באפעלקערונג, וואס קומען אן אויף די שטעט און אויף די דערפער. די באטראכטע ערשיינונג וועט אונז ווערן נאך קלארער, ווען מיר וועלן נעמען דעם וואוקס פון דער אבסאלוטער צאל אידן אין די שטעט און אין די דערפער. די שטאטישע אידישע באפעלקערונג פון גאליציע איז אויס־געוואקסן פון 197 068 (1880) ביז 297 978 (1910), ד. ה. אז די פארגרעסע־רונג האט דערגרייכט 51 פראצענט. די דארפישע־זשע אידישע באפעלקערונג איז אויסגעוואקסן פון 273 500 (1880) ביז 320 339 (1910), די פארגרעסערונג איז געווען נאר 17 פראצענט, דריימאל ווייניגער, ווי ביי דער שטאטישער בא־פעלקערונג.

דער נאַטירליכער צוּוואַקס בײַ דער אידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע איז בִּכְלַל זעהר א הויכער און באַזונדערס הויך איז ער בײַ דער דאָרפישער אידישער באַפעלקערונג און ער איז געווים געוועזן ניט ווייניגער פון צוויי פּראָצענט יערליך, אויב ניט נאָך העכער. דער נאַטירליכער צוּוואַקס בײַ דער דאָרפישער אידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע האָט באַדאַרפט זיין פאַר די דרייסיג יאָר — פון 1889־טן ביז 1910־טן — קרוב צו צוויי הונדערט טויזנט נפשות. דער פאַקטישער־זשע צוּוואַקס איז געוועזן סך־הכל 46 839. די איבעריגע 150 טויזנט אידן האָבן עמיגרירט אין די שטעט און קיין אַמעריקע. אין די שטעט איז געבליבן פון זיי נאָר א קליינער פּראָצענט, און דער גרעסטער טייל האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע, וואָרום באַרעכנט מען דעם נאַטירליכן צוּוואַקס פון דער שטאָטישער אידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע, זעהט מען, אַז דער פאַקטישער צוּוואַקס איז ניט קיין סך גרעסער פון אים. דאָס אייגענע, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס קאָנסטאַטירט בנוגע צום דאָרפישן גאַליצישן אידנטום, קומט פאָר אויך מיט דעם שטעטלישן גאַליצישן אידנטום, נאָר א ביסל אין א שוואַכע־רער מאָס.

גייען מיר איבער צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג אין באַזונדערע טיילן פון גאַליציע.

אין מערב־גאַליציע האָבן געלעבט אין שטעט אין 1910 — 83 578 אידן, וואָס ס'האָט אויסגעמאַכט 39,2 פּראָצענט פון אַלע אידן פון מערב־גאַליציע. אין מזרח־גאַליציע האָבן געלעבט אין 1910־טן אין שטעט — 214 400 אידן, וואָס ס'האָט אויסגעמאַכט 32,5 פּראָצענט פון אַלע אידן פון מזרח־גאַליציע. זעהען מיר, אַז אין מערב־גאַליציע, וואו די אינדוסטריע איז מער אַנטוויקלט, וואו די שטאָטישע באַפעלקערונג מאַכט בכלל אויס א גרעסערן פּראָצענט פון דער אַל־געמיינער באַפעלקערונג, וואו, ענדליך, דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער קאַמף פון דעם אָרגאַניזירטן פּוילישן פּויער אין דאָרף און אין שטעטל צווינגט דעם אידישן קליין־קרעמערל, מעקלערל, לופט־מענטשל וכדומה זוכן פּרנסה אין די גרעסערע שטעט — אַט דאָרטן איז דער פּראָצענט פון דער אידישער שטאָטישער באַפעלקערונג גרעסער, ווי אין מזרח־גאַליציע, וואָס איז נאָך א ריין אַגראַריש לאַנד, און דער פּויער כאַפּט זיך ערשט אויף צו א באַוואוסטזיניגן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן קאַמף.

וואָס פאַר א פּראָצענט לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג מאַכן אויס די אידן אין די שטעט פון גאַליציע?

נעמען מיר לכתחילה די צוויי גרעסטע שטעט פון ביידע טיילן פון גאליציע — קראָקע און לעמבערג.

טאבעלע XXXIV

## די אנטוויקלונג פון דער גאנצער און פון דער אידישער באפעלקערונג אין קראקע.

| יאר | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג | % פון דער אידישער באפעלקערונג |
|---|---|---|---|
| 1787 | 23 591 | 3 653 | 15,5 |
| 1831 | 32 890 | 9 820 | 29,8 |
| 1869 | 49 835 | 17 670 | 35,4 |
| 1880 | 66 097 | 20 269 | 30,7 |
| 1890 | 74 596 | 20 939 | 28,1 |
| 1900 | 97 372 | 25 910 | 27,0 |
| 1910 | 151 886 | 32 321 | 21,3 |

מיר זעהען, אז אין וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין קראָקע זיינען פאראן צוויי פעריאדן, וואס זיינען גאנץ פארשיידן. פון 1787 ביז 1869־טן וואקסט די אידישע באפעלקערונג א סך אינטענסיווער, ווי די גאנצע באפעלקערונג. און פון 15,5 פראצענט אין 1787־טן יאר וואקסט אויס די אידישע באפעלקערונג ביז 35,4 פראצענט אין 1910־טן יאר. פון 1869־טן הויבט זיך אן דער צווייטער פעריאד — די אידישע באפעלקערונג וואקסט א סך שוואכער, ווי די אלגעמיינע באפעלקערונג, און דער רעלאטיווער אַנטייל פון די אידן אין קראָקע האלט אין איין פאלן. פון 35,4 פראצענט אין 1869־טן פאלט ער ביז 27,0 אין 1900־טן און אין די לעצטע צען יאר פאלט ער אראפ ביז 21,3 פראצענט, אקוראט ביז דעם צושטאנד, אין וועלכן ער האט זיך געפינען אין 1815־טן יאר, צוריק, הייסט עס, מיט הונדערט יאר. אמת, די לעצטע צען יאר דארפן וויינינער גענומען ווערן אין אכט, ווייל פאר דער דאזיגער צייט זיינען צוגערעכנט געווארן צו דער שטאט קראָקע איינינע פארשטעט, וואס זיינען באזעצט כמעט אויסשליסליך מיט פאלאקן.

נעמען מיר אן די דאטן פון 1787־טן פאר 100, וועלן מיר באקומען פאלגנדיג

קלאר בילד וועגן דער אנטוויקלונג פון דער אלגעמיינער און פון דער אידישער באפעלקערונג אין קראקע:

| יאר | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג |
| --- | --- | --- |
| 1787 | 100 | 100 |
| 1831 | 139 | 269 |
| 1869 | 211 | 484 |
| 1880 | 280 | 555 |
| 1890 | 316 | 573 |
| 1900 | 387 | 703 |
| 1910 | 644 | 885 |

נעמען מיר דעם גאנצן פעריאד צייט — פון 1787־טן ביז 1910־טן — האט זיך די אידישע באפעלקערונג פארגרעסערט כמעט ניין מאל, ווען די גאנצע באפעלקערונג האט זיך פארגרעסערט נאר זעקס מיט א האלבן מאל. נעמט מען אבער די צוויי פעריאדן באזונדער — ביז 1869־טן יאר און די שפעטערדיגע צייט, — באקומט זיך גאר אן אנדער בילד. די אידישע באפעלקערונג שטייט אפ פון דער אלגעמיינער אין צווייטן פעריאד, נאר יאגט זי שטארק אריבער אין ערשטן פעריאד. ביז 1869־טן יאר האט זיך די אידישע באפעלקערונג כמעט פינף מאל פארגרעסערט, די אלגעמיינע נאר צוויי מאל. פון 1869־טן ביז 1900־טן האט זיך די גאנצע באפעלקערונג פארגרעסערט כמעט צוויי מאל. די אידישע ווייניגער פון אנדערהאלבן מאל.

בריינגען מיר נאך דעם פעלקערליכן צוזאמענשטעל פון דער שטאט קראָקע:

| יאר | פאלאקן | אידן | אנדערע |
| --- | --- | --- | --- |
| | אין פראצענטן | | |
| 1880 | 67,8 | 30,7 | 1,5 |
| 1890 | 70,3 | 28,1 | 1,6 |
| 1900 | 71,0 | 27,0 | 2,0 |
| 1910 | 76,8 | 21,3 | 1,9 |

די אידן בילדן אין קראָקע א באדייטנדיגע מינדערהייט; זיי האבן אבער אנטקעגן זיך א מערהייט פון איין פאלק — נאר פון פאלאקן. די צאל פון די לעצטע האלט אין שטארקן וואקסן — פון 67,8 פראצענט אין 1880־טן יאר איז דער אנטייל פון די פאלאקן אויסגעוואקסן ביז 76,8 פראצענט אין 1910־טן יאר.

גאר אן אנדער בילד זעהען מיר אין לעמבערג — אין דער הויפט־שטאט פון מזרח־גאליציע.

טאבעלע XXXV

## דער נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון דער באפעלקערונג אין לעמבערג.

| יאר | פאלאקן | | אידן | | אוקראינער | | אנדערע | | צוזאמען | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבסאל. צאל | פראַ־צענט | אבסאל. צאל | פראַ־צענט | אבסאל. צאל | פראַ־צענט | אבס. צאל | פראַ־צענט | אבסאל. צאל | פראַ־צענט |
| 1880 | 58 602 | 53,4 | 30 961 | 28,2 | 17 496 | 15,9 | 2687 | 2,5 | 109 746 | 100,0 |
| 1890 | 67 286 | 52,6 | 36 130 | 28,2 | 21 876 | 17,1 | 2651 | 2,1 | 127 943 | 100,0 |
| 1900 | 82 597 | 51,7 | 44 258 | 27,7 | 29 327 | 18,3 | 2695 | 2,3 | 159 877 | 100,0 |
| 1910 | 105 469 | 51,2 | 57 387 | 27,8 | 39 314 | 19,1 | 3943 | 1,9 | 206 113 | 100,0 |

וואס ווייזט אונז די דאזיגע טאבעלע? ראשית, אז די פאלאקן מאכן אויס אין לעמבערג, אין צענטער פון אוקראינישן טייל פון גאליציע, אן אבסאלוטע מערהייט. די אידן מאכן אויס אין לעמבערג מער פון א פערטל פון דער גאנצער באפעלקערונג, און די אוקראינער ווייניגער פון א פינפטל פון דער גאנצער באפעלקערונג.

אין 1910־טן יאר זיינען געווען אין לעמבערג:

1. פאלאקן 51,2 %
2. אידן 27,8 %
3. אוקראינער 19,1 %

נעמען מיר דעם צוזואקס פאר דער צייט פון 1880־טן ביז 1910־טן יאר, איז ער געווען

1. ביי די פאליאקן 80,0 %
2. ביי די אידן 85,4 %
3. ביי די אוקראינער 124,6 %

די אוקראינער וואקסן א סך אינטענסיווער, ווי די איבעריגע צוויי פעלקער;

די צאל אידן פארגרעסערט זיך שטארקער, ווי די צאל פאלאקן. און דעריבער זעהען מיר, אז דער פראצענט פאלאקן האט זיך פארקלענערט פון 53,4 (1880) ביז 51,2 (1910); דער פראצענט אידן האט זיך אויך אביסל פארקלענערט — פון 28,2 (1880) ביז 27,8 (1910); דער פראצענט־זשע פון די אוקראינער האט זיך, פארקערט, פארגרעסערט — פון 15,9 (1880) ביז 19,1 (1910).

פון די הויפט־שטעט פון גאליציע וועלן מיר איבערגיין צו די איבעריגע שטעט.

אין מערב־גאליציע זיינען פאראן עלף גרעסערע שטעט. אין די דאזיגע עלף שטעט מאכן די פאלאקן אויס צוויי דריטל פון דער גאנצער באפעלקערונג, און די אידן איין דריטל. אזוי זיינען געווען אין די עלף שטעט:

א) אין 1880־טן יאר: 1. פאלאקן 62,3
2. אידן 34,0

ב) אין 1910־טן יאר: 1. פאלאקן 63,3
2. אידן 31,2

מיר זעהען, אז פאר 30 יאר האט זיך דער פראצענט אידן אביסל פארקלענערט, און דער פראצענט פאלאקן אביסל פארגרעסערט. דאס דערקלערט זיך דערמיט, וואס די אידן עמיגרירן אין א גרויסער מאס קיין אמעריקע אפילו פון די שטעט, וואס ציהען צו זיך צו א באדייטנדיגע באפעלקערונג פון די שטעטלאך און דערפער. אנדערש געזאגט, די שטעט פון מערב־גאליציע, ווי פון א סך אנדערע לענדער, קאנען ניט איינהאלטן די גאנצע אידישע באפעלקערונג, וואס קומט אן פון דער פראווינץ, און שטויסן זי ארויס ווייטער קיין אמעריקע. אבער אין דעם קאן גאר קיין ספק ניט זיין, אז אין מערב־גאליציע גייט א גרויסער שטראם פון דארף און שטעטל אין שטאָט אריין. דער צוואקס פון דער אידישער באפעלקערונג פאר דרייסיג יאר — פון 1880 ביז 1910 — אין מערב־גאליציע האט באטראפן:

1. אין די שטעט 63,8 %
2. אין די שטעטלאך 30,6 %

דער פראצענט אידן פון מערב־גאליציע, וואס האט געוואוינט אין דערפער, האט באטראפן:

1. אין 1880־טן יאר 38,0 %
2. אין 1910־טן יאר 28,8 %

דאס אלץ באווייזט, אז די ארגאניזירונג פון גאליצישן אידנטום, דאס וואקסן פון דער שטאטישער באפעלקערונג אויפן חשבון פון דער שטעטלישער און דארפישער, גייט אהן אן אויפהער.

גאר אן אנדער לאגע געפינען מיר אין די שטעט פון מזרח־גאליציע — דא בילדן די אידן א רעלאטיווע מערהייט. די דאזיגע רעלאטיווע מערהייט האלט אבער אין פאלן, און ס'וואקסט דער פראצענט פון די פאלאקן. אין די 19 שטעט פון מזרח־גאליציע איז געווען:

א) אין 1880־טן יאר:
1. אידן 45,6 %
2. פאלאקן 29,0 %
3. אקראינער 23,9 %

ב) אין 1910־טן יאר:
1. אידן 38,5 %
2. פאלאקן 35,5 %
3. אוקראינער 24,8 %

מיר זעהען, אז די אידן האבן געהאט א רעלאטיווע מערהייט אפילו אין 1910־טן יאר. דאס צווייטע ארט נאך די אידן פארנעמען די פאלאקן, און די אוקראינער דאס דריטע. אין 1880־טן יאר זיינען געווען אין מזרח־גאליציע זעקס שטעט, וואו די אידן האבן געהאט אן אבסאלוטע מערהייט; אין 1910־טן זיינען שוין געווען אזעלכע שטעט נאר צוויי.

פון דעם אלעם קאן מען אבער ניט דרינגען, אז אין מזרח־גאליציע גייט ניט דער פראצעס, וואס הייסט אורבאניזירונג. די אידישע באפעלקערונג איז אויסגעוואקסן פאר דרייסיג יאר (פון 1880 ביז 1910) אין מזרח־גאליציע:

1. אין די שטעט אויף 37,2 %
2. אין די שטעטלאך אויף 14,2 %

הייסט עס, אז די אידישע שטאטישע באפעלקערונג אפילו אין מזרח־גאליציע, אין דעם דאזיגן אפגעשטאנענסטן לאנד, איז געוואקסן צוויי מיט א האלבן מאל גיכער, ווי די שטעטלישע אידישע באפעלקערונג. אויך דער פראצענט פון דעם טייל אידן, וואס וואוינט אין די דערפער פון מזרח־גאליציע, איז פאר די דרייסיג יאר געפאלן.

שטעט מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות איז געווען אין 1900־טן יאר אין גאליציע אכט (מיט לעמבערג און קראקע). אין די דאזיגע אכט

גרעסטע אידישע קהלות זיינען געוועו אין 1900־טן יאר 150 072 אידן, וועלכע האבן אויסגעמאכט 18,5 פראצענט פון אלע גאליצישע אידן. קומט אויס, אז אפילו אין גאליציע האט שוין אין 1900־טן יאר געוואוינט כמעט א גאנץ פינפטל פון אלע אידן אין אכט קהלות מיט מער ווי צען טויזנט נפשות אין יעדער קהלה. אין 1910־טן יאר האט געווים געוואוינט אין די דערמאנטע אכט קהלות קרוב צו א פערטל פון אלע גאליצישע אידן.

גייען מיר איבער צו בוקאווינע. אין בוקאווינע וואוינט א גאנץ גרויסער פראצענט אידן אין דערפער.

אזוי האבן פון אלע בוקאווינער אידן געוואוינט אין דערפער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. | אין 1880־טן | 29 749 | 44,12 % |
| 2. | „ 1890־טן | 40 169 | 48,56 % |
| 3. | „ 1900־טן | 47 740 | 49,51 % |

בוקאווינע איז דאס איינציגע לאנד אין דער גאנצער וועלט, וואו אזא גרויסער פראצענט אידן — כמעט א גאנצע העלפט — וואוינט אין דארף. כאראקטעריסטיש איז אבער פאר בוקאווינע, וואס אין דער זעלבער צייט וואקסט גאנץ שנעל די אידישע קהלה אין דער הויפט־שטאט — אין טשערנאוויץ — און קאנצענטרירט אין זיך מער פון א פערטל פון אלע בוקאווינער אידן. אזוי זיינען געוועו אידן אין טשערנאוויץ:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 1. | אין 1880־טן | 14 449 | 11,43 % | פון אלע בוקאווינער אידן |
| 2. | „ 1890־טן | 17 359 | 20,98 % | „ „ „ „ |
| 3. | „ 1900־טן | 21 589 | 22,55 % | „ „ „ „ |
| 4. | „ 1910־טן | 28 613 | 27,80 % | „ „ „ „ |

פאר דרייסיג יאר איז די טשערנאוויצער אידישע קהלה אויסגעוואקסן צוויי מאל. אין 1880־טן יאר האט אין טשערנאוויץ געלעבט נאר א פינפטל פון אלע בוקאווינער אידן און אין 1910־טן יאר שוין מער פון א פערטל.

מיר זעהען, אז אין דארף און אין דער איינער שטאט טשערנאוויץ וואוינען אומגעפער מער פון 70 פראצענט פון אלע בוקאווינער אידן. די איבעריגע אידן פון בוקאווינע וואוינען אין שטעט און אין שטעטלאך.

וואס פאר א פראצענט מאכן אידן אויס אין פארשיידענע וואוין־פונקטן פון בוקאווינע?

אין דער הויפט־שטאט פון בוקאווינע — אין טשערנאוויץ — איז די לאגע געוועו פאלגנדיגע:

| יאר | די גאנצע באפעל־קערונג | די אידישע באפעל־קערונג | % פון אידן לגבי דער גאנצער באפעלק. |
|---|---|---|---|
| 1880 | 45 600 | 14 449 | 31,69 |
| 1890 | 54 171 | 17 359 | 32,04 |
| 1900 | 67 622 | 21 587 | 31,92 |
| 1910 | 87 235 | 28 613 | 32,80 |

אידן, אלזא, האבן אויסגעמאכט אין 1910־טן יאר א דריטל פון דער גאנצער באַפעלקערונג פון טשערנאוויץ. דערצו מוז מען נאך צוגעבן, אז די איבעריגע צוויי דריטל פון דער באפעלקערונג ווערן צעטיילט צווישן *עטליכע* פעלקער.

אין די דערפער פון בוקאווינע האבן אידן אויסגעמאכט פון דער גאנצער דארפישער באפעלקערונג:

1. אין 1880־טן 6,44 %
2. אין 1890־טן 7,72 %
3. אין 1900־טן 8,15 %

דער פראצענט פון די אידן אין די דערפער וואקסט די גאנצע צייט, נאר אין א גאנץ באגרעניצטער מאס. אין די שטעט און שטעטלאך פון בוקאווינע האבן אידן אויסגעמאכט:

1. אין 1880־טן 36,11 %
2. אין 1890־טן 35,96 %
3. אין 1900־טן 35,80 %

אידן מאכן אויס אין די דאזיגע פונקטן מער פון א דריטל, און אזוי ווי די איבעריגע באפעלקערונג באשטייט פון פארשטייער פון עטליכע נאציעס, האבן די אידן פאקטיש א רעלאטיווע מערהייט. פאר צוואנציג יאר האט זיך דער פראצענט אידן אין די דאזיגע פונקטן לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג כמעט ניט געביטן.

פון 184 779 אידן, וואס האבן געוואוינט אין נידער־עסטרייך אין 1910־טן יאר, זיינען געווען אין דער איינער שטאט ווין — 175 318 ד. ה. 94,9 פרא־צענט פון אלע אידן פונם דאזיגן קאנט אדער 13,3 פראצענט פון אלע עסט־רייכישע אידן. די אידישע קהלה אין ווין איז אויסגעוואקסן ערשט אין דער

צווייטער העלפט פון 19־טן יארהונדערט. אין 1753־טן יאר איז געווען אין ווין סך־הכל 700 אידישע נפשות. אין 1850־טן יאר איז געווען אין ווין בערך א פאַר טויזנט אידן. וועגן דעם ווייטערדיגן וואוקס פון דער אידישער ווינער קהלה דערציילן אונז די פאלגנדיגע ציפערן:

| יאר | די גאנצע באפעלקערונג פון ווין | די אידישע באפעלקערונג פון ווין | % פון אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג |
|---|---|---|---|
| 1869 | 607 514 | 40 230 | 6,62 |
| 1880 | 725 658 | 73 271 | 10,10 |
| 1890 | 1 364 548 | 118 495 | 8,68 |
| 1900 | 1 674 957 | 146 926 | 8,77 |
| 1910 | 2 038 581 | 175 318 | 8,60 |

פאר 41 יאר איז די אידישע באפעלקערונג אויסגעוואקסן מער פון פיר מאל, ווען די גאנצע באפעלקערונג איז אויסגעוואקסן נאר מער פון דריי מאל. דערמיט, פארשטייט זיך, דערקלערט זיך, וואס אין 1869־טן יאר האבן די אידן אין ווין אויסגעמאכט נאר 6,62 פראצענט און אין 1910־טן — 8,60, מער כמעט מיט גאנצע צווי פראצענט. באזונדערס שטארק איז געווען דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג, אין פארגלייך מיט דער אלגעמיינער, די ערשטע עלף יאר, ווען דער פראצענט פון די אידן האט זיך אויפגעהויבן ביז 10,10. נאכדעם האט דער וואוקס פון דער קריסטליכער באפעלקערונג אריבער־געיאגט דעם וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג, און דער פראצענט פון די אידן אין ווין איז געפאלן ביז 8,68 אין 1890־טן, און פון דעם דאזיגן יאר אן און ווייטער זיינען שוין די ענדערונגען ניט קיין באדייטנדיגע.

די נאר וואס באמערקטע ערשיינונג חזרט זיך איבער אין זעהר א סך גרויסע שטעט: אינם ערשטן פעריאד פונם וואוקס פון די שטעט נעמען די אידן א גרעסערן אנטייל, ווי אין די ווייטערדיגע פעריאדן. דאס דערקלערט זיך, חוץ פיל אנדערע סבות, דער־עיקר מיט דעם, וואס אין דער ערשטער צייט ציהען צו זיך צו די גרויסע שטעט מער האנדלס־עלעמענטן, צווישן וועלכע די אידן בילדן א גרויסן פראצענט; די גרויס־אינדוסטריע קומט ערשט שפעטער אויף, און זי ציהט צו גרויסע מאסן דארפישע ארבעטער פון די קריסטליכע

מאסן און גאר ווייניג פון די אידישע מאסן. ערשט, ווען די שטאט ווערט שוין גענוג גרויס, נעמט זי אריין גרויסע מאסן מלאכה־עלעמענטן, א סך פארשטייער פון אינטעליגענטע פראפעסיעס, פון אדמיניסטראטיווע און פארמיטלער־עלעמענטן, וואס באדינען די אינדוסטריע. די אלע נאר וואס אויסגערעכנטע עלעמענטן ווערן גענומען אין א גרויסער מאס צווישן דער אידישער קליין־שטאטישער און מיטל־שטאטישער באפעלקערונג — און דעריבער זעהען מיר אפט, אז אין די גרויסע שטעט שטעלט זיך סוף כל סוף איין א געוויסער גלייכגעוויכט צווישן דעם וואוקס פון דער אידישער און פון דער ניט־אידישער באפעלקערונג.

מיר האבן העכער געזעהן, אז די אידישע באפעלקערונג אין בעהמען און מערן פאלט אפילו א ב ס א ל ו ט. און דעריבער האלטן די גרעסערע אידישע קהלות אין וואקסן — דאס באווייזט, אז אין דארף אדער אין קליינעם שטעטל קאן די אידישע באפעלקערונג א סך שוואכער בייםטיין די קאנקורענץ פון די אויפגעקומענע טשעכישע בירגערליכע עלעמענטן, ווי אין דער גרויסער שטאט. נעמען מיר די הויפט־שטאט פון בעהמען — פראג — זעהען מיר, אז די צאל אידן וואקסט דארט אהן אן אויפהער:

| יאר | די אבסא־לוטע צאל אידן אין פראג | פראצענט פון אלע אידן אין בעהמען |
|---|---|---|
| 1880 | 21 405 | 22,7 |
| 1890 | 24 034 | 25,4 |
| 1900 | 27 799 | 29,4 |
| 1910 | 28 888 | 30,6 |

אין 1910־טן יאר איז שוין געווען אין דער איינער שטאט פראג כמעט א דריטל פון אלע אידן פון בעהמען, ווען אין 1880־טן יאר איז דארט געווען ווייניגער פון א פערטל פון אלע בעהמענער אידן.

אין דער הויפט־שטאט פון מערן — אין בריון — איז געווען אין 1910־טן יאר — 8945 אידן, 21,7 פראצענט פון אלע אידן פון מערן. אין בריון קומט פאר דאס אייגענע, וואס אין פראג. ניט געקוקט אויף דעם, וואס אין מערן בִּכְלַל פ א ר ק ל ע נ ע ר ט זיך די אידישע באפעלקערונג, וואקסט פונדעסטוועגן די אידישע קהלה אין בריון אהן אן אויפהער. אין בריון זיינען געווען אידן: אין 1880־טן — 5 498; אין 1900־טן — 8 238; און אין 1910־טן — 8 945.

פאר די לעצטע צען יאר איז דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין פראג און אין בריון קלענער, ווי אין די פריהערדיגע צוויי צענדליג יארן.

אין אלע איבעריגע קאנטן פון עסטרייך, וואס פארמאגן בִּכְלַל זעהר ווייניג אידן, לעבן די לעצטע מערסטנטיילס כמעט גאר אין די שטעט און דערצו טרעפט, אז דאס גאנצע ביסל אידן וואוינט אין צוויי־דריי קהלות.

קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידן זיינען פאראן אין עסטרייך עלף, וועלכע האבן געהאט אלע אינאיינעם אין 1910־טן יאר — 382 891 אידישע נפשות. דאס הייסט, אז 29,1 פראצענט פון אלע עסטרייכישע אידן וואוינען קאנצענטרירט ניט ווייניגער פון צען טויזנט נפשות צוזאמען.

## פראגעס.

1. וואָסער אַ פראצענט פון אלע אידן פון גאליציע וואוינט: אין שטעט? אין שטעטלאך? אין דערפער?

2. אויף וויפיל פראצענט איז אויסגעוואקסן פאר די לעצטע דרייסיג יאר: דער שטאטישער טייל פון דער גאליצישער אידישער באפעלקערונג? דער דאר־פישער טייל?

3. ווי גרויס בערך איז געווען דער נאטירליכער צוואוקס ביי דער דאר־פישער אידישער באפעלקערונג אין גאליציע פון 1880־טן ביז 1910־טן יאר?

4. און דער פאקטישער צוואוקס פאר דער זעלבער צייט?

5. וואוהין איז אהינגעקומען דער פעלנדיגער טייל פון דער אידישער באַ־פעלקערונג פון גאליציע?

6. וואסער א פראצענט פון די אידן פון מערב־גאליציע האט געוואוינט אין די שטעט פונם דאזיגן קאנט?

7. וואסער א פראצענט פון די אידן פון מזרח־גאליציע האט געוואוינט אין די שטעט פונם דאזיגן קאַנט?

8. מיט וואס דערקלערט זיך דער העכערער אנטייל פון די מערב־גאליצישע אידן אין דער שטאטישער באפעלקערונג?

9. וואס פאר א פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג האבן אידן אויסגעמאכט אין קראָקע: אין 1787־טן יאר? אין 1831־טן? אין 1869־טן? אין 1900־טן? אין 1910־טן?

10. וויפיל מאל איז אויסגעוואקסן: די גאנצע באפעלקערונג פון קראקע? די אידישע באפעלקערונג פון קראקע?

11. וואסער א פראצענט מאכן אוים אין קראקע די פאלאקן?

12. ווי איז געווען דער נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון דער שטאט לעמבערג: אין 1880־טן? אין 1910־טן?

13. וואסער א פראָצענט מאכן די אידן אוים אין די עלף שטעט פון מערב־גאליציע?

14. וואסער א פראצענט מאכן די פאלאקן אוים אין די דאזיגע שטעט?

15. ווי איז געווען דער נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון די 19 שטעט פון מזרח־גאליציע: אין 1880־טן? אין 1910־טן?

16. וויפיל שטעט מיט מער פון צען טויזנט אידן זיינען געווען אין גאליציע?

17. וואס פאר א פראצענט פון אלע גאליצישע אידן האט געוואוינט אין די דאזיגע גרויסע קהלות?

18. וואסער א פראצענט פון אלע בוקאווינער אידן האט געוואוינט אין דערפער: אין 1880־טן? אין 1910־טן?

19. וואסער א פראצענט פון אלע בוקאווינער אידן האט געוואוינט אין טשערנאוויץ: אין 1880־טן? אין 1910־טן?

20. וואסער א פראצענט לגבי דער גאנצער באפעלקערונג מאכן די אידן אוים אין טשערנאוויץ?

21. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די אידישע ווינער קהלה פאר 41 יאר?

22. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די גאנצע באפעלקערונג פון ווין פאר דער זעלבער צייט?

23. וואסער א פראצענט פון אלע בעהמענער אידן וואוינט אין פראג?

24. וויפיל זיינען פאראן אין עסטרייך קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידישע נפשות?

25. וואסער א פראצענט עסטרייכישע אידן וואוינט אין די דאזיגע גרויסע קהלות?

קאפּיטל 10.

## די אידן אין אונגארן.

אונגארן פאַרמאָגט אַ גאַנץ גרויסע און געדיכטע אידישע מאַסע, וואָס וואוינט אינם דאָזיגן לאַנד שוין לאַנגע הונדערטער יאָרן. די פאָלגנדיגע ציפערן געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אונגארן:

| | |
|---|---|
| אין 1785־טן | 75 089 אידן |
| אין 1805־טן | 127 816 „ |
| אין 1850־טן | 352 400 „ |
| אין 1869־טן | 553 641 „ |
| אין 1900־טן | 851 378 „ |
| אין 1910־טן | 932 458 „ |

נעמען מיר אָן די דאַטע פון 1785־טן יאָר פאַר 100, באַקומען מיר פאָלגנ־דיגע שורה ציפער, וואָס מאָלט בולט דעם אינטענסיוון וואוקס פון דעם אונ־גארישן אידנטום:

| | |
|---|---|
| 1785 | 100 |
| 1805 | 170 |
| 1850 | 469 |
| 1869 | 738 |
| 1900 | 1134 |
| 1910 | 1241 |

אין משך פון 125 יאָר האָט זיך דאָס אונגארישע אידנטום פאַרגרעסערט מער פון צוועלף מאָל: פון יעדע הונדערט אידישע נפשות אין 1785־טן יאָר איז געוואָרן ביז 1910־טן יאָר — 1241 נפשות. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס דאַרף ניט געשטעלט ווערן נאָר אויפן חשבון פון דעם נאַטירליכן צוּוואַקס — דאָ האָט געווירקט אויך די אימיגראַציע פון עסטרייך, דער עיקר פון גאַליציע. דאָך מוז מען מודה זיין, אַז דאָס נאַטירליכע פאַרמערן זיך פון די אונגארישע אידן איז געווען זעהר גרויס אין משך פון גאַנצן 19־טן יאָרהונדערט.

די פאָלגנדיגע טאַבעלע וועט אונז געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פאַרגלייך מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקע־רונג פאַר די לעצטע 41 יאָר (1869—1910).

## דער וואוקס פון דער אלגעמיינער און פון דער אידישער באפעלקערונג אין אונגארן.

| יאר | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג: אבסאלוטע צאל | די אידישע באפעלקערונג: % פון דער גאנצער באפעלקערונג |
|---|---|---|---|
| 1869 | 15 509 455 | 553 641 | 3,5 |
| 1880 | 15 739 259 | 638 314 | 4,1 |
| 1890 | 17 463 791 | 730 342 | 4,2 |
| 1900 | 19 254 559 | 851 378 | 4,4 |
| 1910 | 20 886 487 | 932 458 | 4,5 |

פאר אלע 41 יאר איז די גאנצע באפעלקערונג אויסגעוואקסן אויף 34,6 פראצענט, און די אידישע באפעלקערונג אויף 68,4 פראצענט. קומט אוים, אז די אידישע באפעלקערונג פון אונגארן האט זיך פאר דעם גענומענעם פעריאד צייט פארגרעסערט צוויי מאל אינטענסיווער, ווי די גאנצע באפעלקערונג פון דער דאזיגער מלוכה. נעמען מיר באזונדערע צענדליגער יארן, זעהען מיר אויך, אז די אידישע באפעלקערונג האט זיך די גאנצע צייט פארגרעסערט אינטענסיווער, ווי די גאנצע באפעלקערונג.

### דער צוּוואקס אין פראצענטן.

| יארן | ביי דער גאנצער באפעלקערונג | ביי דער אידישער באפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1869—1880 | 1,5 | 15,3 |
| 1880—1890 | 10,9 | 13,6 |
| 1890—1900 | 10,2 | 16,6 |
| 1900—1910 | 8,5 | 9,5 |
| 1869—1910 | 34,6 | 68,4 |

אין די ערשטע עלף יאר — פון 1869־טן ביז 1880־טן — איז דער צו־וואקס ביי דער אידישער באפעלקערונג געווען צען מאל גרעסער, ווי ביי דער אלגעמיינער באפעלקערונג; אין לעצטן צענדליג יאר — 1900—1910 — איז שוין דער אידישער צווואקס כמעט גלייך מיט דעם צווואקס ביי דער גאנצער באפעלקערונג. דער דאזיגער פאקט דערקלערט זיך מיטן פאלן פאר די לעצטע יארן פון די געבורטן ביי דער אידישער באפעלקערונג, וועלכע ווערט געוויינליך פריהער און אינטענסיווער אנגעקלעפט פון דעם צוויי־קינדער און איין־קינד־סיסטעם.

אונגארן איז, ווי עסטרייך, א לאנד, וואס האט עטליכע פעלקער און קיין איין פאלק פארמאגט ניט דארט קיין אבסאלוטע מערהייט. אמת, די לאגע פון די מאדיארן אין אונגארן איז אין נאציאנאלן זינען א סך גינציגער, ווי די לאגע פון די דייטשן אין עסטרייך. אויך אין אונגארן ווערט די אידישע שפראך אפי־ציעל ניט אנערקענט, און דעריבער קאן די צאל פון די אידן אין דער דאזיגער מלוכה באשטימט ווערן נאר אויפן גרונט פון דער רעליגיע.

לאמיר צום ערשטן זעהן דעם נאציאנאלן צוזאמענשטעל פון דער אונגא־רישער מלוכה.

אין 1910־טן יאר זיינען געווען אין אונגארן פאלגנדיגע נאציעס (לויט דער שפראך):

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. מאדיארן | 10 050 575 | % | 48,1 |
| 2. רומענער | 2 949 032 | % | 14,1 |
| 3. דייטשן | 2 037 435 | % | 9,8 |
| 4. סלאוואקן | 1 967 970 | % | 9,4 |
| 5. קראַאַטן | 1 833 162 | % | 8,8 |
| 6. סערבן | 1 106 471 | % | 5,3 |
| 7. אוקראַינער | 472 587 | % | 2,3 |
| 8. איבעריגע | 469 255 | % | 2,2 |
| **סך הכל** | **20 886 487** | **%** | **100,0** |

מיר זעהען, אז די מאדיארן מאכן ניט אוים אפילו קיין העלפט (48,1 פראַ־צענט) פון דער גאנצער באפעלקערונג פון דער אונגארישער מלוכה. דאך מאכן זיי אוים א גרעסערן פּראצענט, ווי די דייטשן אין עסטרייך. חוץ דעם, זיינען אין עסטרייך פאראן באלד נאך די דייטשן צוויי פעלקער — די טשעכן און די פאלאקן —, וועלכע פארמאגן א גאנץ גרויסן פראצענט, כמעט א גלייכן

מיט די דייטשן, ווען אין אונגארן פארמאגט די גרעסטע נאציע פון אלע איבעריגע פעלקער — די רומענער — סך־הכל איין זיבעטל פון דער באפעלקערונג (14,1 פראצענט). די צעברעקלונג פון העכער האלב פון דער גאנצער באפעל־קערונג צווישן א סך קליינע פעלקער איז אין אונגארן א סך גרעסער, ווי אין עסטרייך. און דערמיט דערקלערט זיך, וואס די מאדיארן זיינען אין אונגארן א סך שטארקער, ווי די דייטשן אין עסטרייך.

צווישן די אויבן־אויסגערעכנטע פעלקער איז די אידישע נאציע ניטא. מיט וועמען־זשע גייען די אידן פון אונגארן? וואסערע שפראכן האבן זיי אנערקענט פאר זייערע מוטער־שפראכן און וואסערע פעלקער האבן זיי דערמיט געשטיצט אין דעם נאציאנאלן קאמף, וואס קאכט, ווי אין א קעסל, אין אונגארן שוין א סך צענדליגער יארן.

אויף די דאזיגע אלע פראגן געבן אונז תשובות די פאלגנדיגע ציפער. אין 1900־טן יאר האבן די אונגארישע אידן אנגעגעבן פאלגנדיגע שפראכן פאר זייער מוטער־שפראך:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. די אונגארישע | 598 697 | 70,3 % |
| 2. די דייטשע | 216 698 | 25,5 % |
| 3. די סלאוואקישע | 10 541 | 1,3 % |
| 4. די אוקראינישע | 10 146 | 1,2 % |
| 5. די הארוואטישע | 7 505 | 0,8 % |
| 6. די איבעריגע | 7 791 | 0,9 % |
| **סך־הכל** | **851 378** | **100,0 %** |

מער פון זיבעציג פראצענט פון אלע אונגארישע אידן האבן אנגעוויזן אויף דער אונגארישער שפראך, ווי אויף זייער מוטערשפראך; מער פון א פערטל (25,5 פראצענט) פון אלע אונגארישע אידן האבן אנגעגעבן די דייטשע שפראך פאר זייער מוטערשפראך, און סך־הכל 4,2 פראצענט פון אלע אונגארישע אידן האבן אנגעגעבן אלע איבעריגע שפראכן פאר זייערע מוטערשפראכן. פארשטייט זיך, אז וואלט נאר די אידישע שפראך באקומען פאליטישע רעכט, וואלטן א סך פון די אידישע „אונגארן" און פון די אידישע „דייטשן" געווארן פשוטע אידישע אידן. ווארום אין אונגארן זיינען נאך דא גאנץ גרויסע אידישע מאסן, וועלכע ריידן אידיש, ווי אין גאליציע, און ס'איז גאר קיין ספק ניט, אז די העכער פון

200 טויזנט אידן, וואס האבן אנגעוויזן אויף דער דייטשער שפראך, ווי אויף זייער מוטערשפראך, ריידן אינם גרעסטן רוב פשוט אידיש און ניט דייטש.

אונגארן ווערט צעטיילט אויף קאמיטאטן. אין פיר קאָמיטאַטן מאכן די אידן אוים מער פון 10 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג:

| | |
|---|---|
| 1. אין מאַרמאַראָש | 18,1 % |
| 2. „ צעכעג | 13,9 % |
| 3. „ אונגאָטש | 12,8 % |
| 4. „ אונג | 11,0 % |

אין די איבעריגע קאמיטאטן מאכן די אידן אוים ווייניגער פון 10 פראצענט.

אין דער הויפט־שטאט — אין בודאפעשט — האט געלעבט אין 1910־טן יאר 21,8 פראצענט פון אלע אונגארישע אידן. די אנטוויקלונג פון דער בודא־פעשטער אידישער קהלה איז גאנץ אינטערעסאנט. אין 1787־טן יאר איז געווען אין בודאפעשט סך־הכל 114 אידן; אין 1833־טן יאר האבן געלעבט אין בודאפעשט 1346 אידישע משפחות, בערך 6730 נפשות. אין 1849־טן יאר איז שוין געווען אין בודאפעשט 19 148 אידן. די פאלגנדיגע שורה ציפערן וועט אונז ווייזן דעם וויטערדיגן וואוקס פון דער אידישער קהלה אין בודאפעשט און דעם פראצענט פון די בודאפעשטער אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג:

| יאר | די אבסאלוטע צאל אידן אין בודאפעשט | % פון אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1869 | 44 890 | 16,6 |
| 1890 | 102 377 | 21,0 |
| 1900 | 166 198 | 23,6 |
| 1910 | 203 687 | 21,3 |

נעמען מיר אן די דאטע פון 1787־טן יאר פאר 100, באקומען מיר פאלגנדיג בילד פונם וואוקס פון דער אידישער בודאפעשטער קהלה:

| | |
|---|---|
| 1787 | 100 |
| 1849 | 16 800 |
| 1869 | 39 377 |
| 1890 | 89 892 |

| | |
|---|---|
| 1900 | 145 787 |
| 1910 | 178 673 |

דער וואוקס פון דער בודאפעשטער קהלה איז א קאָלאָסאַלער — פאר 123 יאר האט זיך די קהלה פארגרעסערט 1786 מאל. לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן די בודאפעשטער אידן אויסגעמאכט אין 1869־טן יאר 16,6 פראצענט, ד. ה., אז זיי האבן געהאט אקוראט א זעקסטל פון דער גאנצער בודאפעשטער באפעלקערונג; אין 1900־טן יאר האבן אידן שוין אויס־געמאכט 23,6 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג, ד. ה., אז זיי האבן שוין געהאט כמעט א גאנץ פערטל פון דער בודאפעשטער באפעלקערונג. פאר די לעצטע צען יאר אבער — פון 1900 ביז 1910־טן — איז דער פראצענט פון די אידן געפאלן ביז 21,3. דא חזרט זיך איבער די ערשיינונג, וואס מיר האבן קאנסטאטירט בנוגע צו ווין, און וועלכע מיר האבן דארטן אביסל דערקלערט.

בכלל געפינט זיך אין גרויסע שטעט א דריטל פון אלע אונגארישע אידן, און ביי דער אלגעמיינער באפעלקערונג נאר 8 פראצענט. צווישן די גרעסערע אידישע קהלות רעכענען זיך: גראָסוואַרדען — 12 111 — 25,8 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג; פרעסבורג — 6 808 — 11,0 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג; דעברעצין — 6 078 — 8,4 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג א. א. וו.

די געבראכטע נאר וואס דאטן געהערן צום 1900־טן יאר. פאר דער פאר־גאנגענער צייט זיינען די דאזיגע קהלות געוויס שטארק אויסגעוואקסן, און מיר וועלן זיין נאהענט צום אמת, ווען מיר וועלן אננעמען, אז אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות לעבן בערך 35—40 פראצענט פון אלע אונ־גארישע אידן.

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן אין אונגארן: אין 1785־טן יאר? אין 1800־טן יאר? אין 1910־טן יאר?
2. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט דאס אונגארישע אידנטום אין משך פון 19־טן יארהונדערט?
3. וואסערע סבות האבן געבראכט די פארגרעסערונג פון די אונגארישע אידן?
4. וואסער א פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן די אידן אויסגעמאכט אין אונגארן: אין 1869־טן יאר? אין 1910־טן?

5. אויף וויפיל פראצענט האט זיך פארגרעסערט פאר דער צייט פון 1869־טן ביז 1910־טן יאר: די גאנצע באפעלקערונג? די אידישע באפעלקערונג?

6. פון וויפיל נאציעס באשטייט די באפעלקערונג פון דער אונגארישער מלוכה לויט דער שפראך?

7. וואסער א פראצענט מאכן אויס אין אונגארן: די מאדיארן? די דייטשן? די רומענער? די איבעריגע קליינע פעלקער?

8. וואסערע שפראכן האבן די אידן אנגעגעבן פאר זייערע מוטער־שפראכן?

9. וואסער א פראצענט אידן האט אנגעגעבן פאר זיין מוטער־שפראך: די אונגארישע שפראך? די דייטשע?

10. וואסער א חלק פון אלע אונגארישע אידן האט געוואוינט אין בודא־פעשט אין 1910־טן יאר?

11. וויפיל אידן זיינען געווען אין בודאפעשט: אין סוף פון 18־טן יאר־הונדערט? אין מיטן פון 19־טן יארהונדערט? אין אנהויב פון 20־טן יאר־הונדערט?

12. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די בודאפעשטער אידישע קהלה פון סוף פון 18־טן יארהונדערט?

13. וואסער א פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג אין בודאפעשט האבן אידן אויסגעמאכט: אין 1869־טן? אין 1900־טן? אין 1910־טן?

14. וואסער א חלק אונגארישע אידן וואוינט אין גרויסע שטעט?

15. וואסער א טייל אונגארישע אידן וואוינט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות?

קאפיטל 11.

# די אידן אין דייטשלאנד.

לויט דער אבסאלוטער צאל אידן פארנעמט דייטשלאנד דאס פערטע ארט אין אייראפע און דאס פינפטע ארט אין דער וועלט. די פאלגנדיגע טאבעלע גיט אונז א פארשטעלונג וועגן דעם וואוקס, ווי פון דער גאנצער, אזוי אויך פון דער אידישער באפעלקערונג אין דייטשלאנד פאר א פעריאד פון 40 יאר — פון 1871־טן ביז 1910־טן —, ביז דער לעצטער פאלקס־ציילונג, וואס איז פארגעקומען דארטן.

טאבעלע XXXVII

## דער וואוקס פון דער אלגעמיינער און פון דער אידישער באפעלקערונג אין דייטשלאנד.

| יאר | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג | |
|---|---|---|---|
| | | אבסאלוטע צאל | % פון דער גאנצער באפ. |
| 1871 | 41 062 792 | 512 153 | 1,25 |
| 1880 | 45 236 061 | 561 612 | 1,24 |
| 1890 | 49 428 470 | 567 884 | 1,15 |
| 1900 | 56 367 178 | 586 833 | 1,04 |
| 1910 | 64 925 993 | 615 021 | 0,95 |

די אידן אין דייטשלאנד, ווי מיר זעהען, מאכן אויס נאר א קליינעם פראצענט — אין 1910־טן יאר אפילו ווייניגער פון איין פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג — פיר מאל אומגעפער ווייניגער, ווי אין אלע מלוכות, וואס מיר האבן ביז אהער באטראכט. אי דאס ווערט דער פראצענט אידן אין דייטשלאנד אלע מאל קלענער און קלענער. אין 1871־טן יאר האט דער פראצענט אידן געגרייכט 1,25 און שפעטער מיט 40 יאר נאר 0,95 פראצענט.

די ארומיגע באפעלקערונג אין דייטשלאנד וואקסט א סך אינטענסיווער, ווי די אידישע באפעלקערונג. דאס זעהען מיר פון די פאלגנדיגע ציפערן.

## דער צוואוקס ביי דער גאנצער און ביי דער אידישער באפעלקערונג.

| יארן | אין פראצענטן | |
|---|---|---|
| | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג |
| 1880—1871 | 10,16 | 9,65 |
| 1890—1881 | 9,27 | 1,12 |
| 1900—1891 | 14,04 | 3,33 |
| 1910—1901 | 15,18 | 4,80 |

אין די ערשטע צען יאר איז דער צוואוקס ביי דער אידישער באפעלקערונג געווען כמעט גלייך, ווי ביי דער גאנצער באפעלקערונג. פון 1881־טן ביזן 1890־טן יאר איז דער צוואוקס ביי די דייטשע אידן געווען גאר א נידעריגער, סך־הכל 1,12, אכט מאל וויי־ניגער, ווי ביי דער ארומיגער באפעלקערונג. דאס דערקלערט זיך אין דער ערשטער רייהע מיטן שטארקן פאלן פון די גע־בורטן ביי די דייטשע אידן. אין די דאזיגע צען יאר איז אויך געווען אן אויסוואנדערונג פון די דייטשע אידן קיין אמעריקע, וואס ס׳האט נאך מער פארקלענערט דעם וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג. אין א געוויסער מאס האבן אויך מיטגעווירקט צו דעם פאלן פונם וואוקס פונם דייטשן אידנ־טום די שמדן און געמישטע חתונות, וואס ווערן פון דעמאלט אן א שטענדיגע ערשיינונג. אין די 90־ער יארן און אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט פאר־בעסערט זיך אביסל די לאגע, און דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג דערגרייכט 3,33 פראצענט (1891—1900) און 4,80 (1901—1910). דער דאזיגער פאקט דערקלערט זיך דערמיט, וואס אין די לעצטע 20 יאר זיינען קיין דייטשלאנד געקומען פארהעלטניסמעסיג א סך אידן פון רוסלאנד און פון עסטרייך. די דאזיגע אנגעקומענע אידן האבן מיט זיך מיטגעבראכט די טבע פון ניט מורא האבן פאר קינדער — און זיי ווירקן אויף אזא אופן אויך אויף דעם נאטירליכן צוואוקס ביי די אידן אין דייטשלאנד. גאר אפילו אין די לעצטע פאר צענדליג יאר האט זיך די אידישע באפעלקערונג פארגרעסערט דריי־פיר מאל וויי־ניגער, ווי די גאנצע באפעלקערונג.

דייטשלאנד באשטייט פון באזונדערע מלוכות. לאמיר נאר זעהן, אין וואסערע מלוכות געפינען זיך די דייטשע אידן.

## די דייטשע אידן אין באזונדערע מלוכות אין 1910-טן יאר.

| מלוכה | אבסאלוטע צאל אידן | % פון דער גאנצער באפעלקערונג | % פון אלע אידן פון דייטשלאנד |
|---|---|---|---|
| פרייסן | 425 926 | 1,04 | 69,25 |
| בייערן | 55 065 | 0,80 | 8,99 |
| עלזאס-לאטארינגען | 30 483 | 1,63 | 4,96 |
| באַדן | 25 896 | 1,21 | 4,21 |
| העסן | 24 063 | 1,88 | 3,91 |
| האמבורג | 19 472 | 1,91 | 3,17 |
| זאקסן | 17 587 | 0,37 | 2,86 |
| ווירטעמבערג | 11 982 | 0,49 | 1,78 |
| אין אלע איבעריגע מלוכות | 4 547 | 0,10 | 0,87 |
| **סך-הכל** | **615 021** | **0,95** | **100,0** |

אין פרייסן אליין וואוינט ביז זיבעציג (69,25) פראצענט פון אלע דייטשע אידן. אין בייערן — 8,99 פראצענט; אין עלזאס-לאטארינגען 4,96 פראצענט א. א. וו. א. א. וו. לגבי דער גאנצער באפעלקערונג מאכן די אידן אויס דעם גרעסטן פּראצענט אין האמבורג — 1,91 און דעם קלענסטן אין זאקסן — 0,37, ניט רעכענענדיג די קליינינקע מלוכה'לאך, וואס פארמאגן אלע אינאיינעם א קליין גרופּקעלע אידן פון 4547 נפשות (0,10 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג).

אז די דייטשע אידן, וואס פארמאגן זעהר א גרויסן פראצענט פארשטייער פון די מאדערנסטע בורזשואזע קלאסן, האבן א נטיה צו קאנצענטרירן זיך אין גרויסע שטעט, איז אזוי נאטירליך און פארשטענדליך, אז מען פארשפּארט כמעט דאס באווייזן.

פון יעדע הונדערט נפשות פון דייטשלאנד האבן געוואוינט אין גרויסע שטעט (מיט מער פון 100 טויזנט איינוואוינער):

| יאר | ביי אידן | ביי דער גאנצער באַפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1900 | 42,72 | 15,90 |
| 1905 | 48,45 | 18.96 |

אין 1905־טן יאר איז כמעט א העלפט (48,45) פון אלע דייטשע אידן געווען קאנצענטרירט אין נאר גרויסע שטעט, ווען ביי דער גאנצער באפעלקערונג האט זיך געפונען אין אזעלכע שטעט נאך ווייניגער פון א פינפטל (18,96).

אין דער איינער שטאט בערלין האט זיך געפינען אין 1905־טן יאר א זעקסטל (16,26 פראצענט) פון אלע דייטשע אידן, ווען פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג איז געווען דעמאלט אין בערלין סך־הכל 3,36 פראצענט, כמעט פינף מאל ווייניגער. נעמען מיר גרויס־בערלין (מיט די פארשטעט), באקומען מיר, אז אין גרויס־בערלין האט געלעבט אין 1900־טן יאר — 18,4 פראצענט פון אלע דייטשע אידן און אין 1910־טן יאר שוין 23,4 פראצענט, כמעט א פערטל פון אלע דייטשע אידן.

טיילן מיר די אידישע קהלות פון דייטשלאנד אין פארשיידענע קאטעגאריעס לויט דער אבסאלוטער צאל אידן, וועלן מיר באקומען פאלגנדיגע אינטערעסאנטע טאבעלע.

טאבעלע XXXIX

## די דייטשע אידן אין פארשידענע טיפן קהלות (1900).

| קהלות | די צאל קהלות | די צאל אידן אין זיי | % פון אלע אידן אין דייטשלאנד |
|---|---|---|---|
| ביז 500 אידן | 3331 | 222 275 | 37,88 |
| פון 500 ביז 1000 אידן | 65 | 44 474 | 7,58 |
| פון 1000 ביז 5000 אידן | 44 | 89 957 | 15,33 |
| פון 5000 ביז 10 000 אידן | 7 | 51 778 | 8,82 |
| מער פון 10 טויזנט אידן | 4 | 151 872 | 25,88 |
| ניטא קיין ידיעות | — | 26 477 | 4,51 |
| **סך־הכל** | **3451** | **586 833** | **100,0** |

די דאזיגע ידיעות געהערן צום 1900־טן יאר; די קאנצענטראציע פון די דייטשע אידן פאר דער לעצטער צייט האט געווים אריינגעטראגן ערנסטע שנוים אין די דאזיגע דאַטן. פונדעסטוועגן שטעלט פאר די געבראכטע טאבעלע א גרויסן אינטערעס. מיר זעהען, אז אין 4 קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן האט געוואוינט שוין דעמאלט מער פון א פערטל פון אלע דייטשע אידן — 25,88 פראצענט. ס'איז נאר קיין ספק ניט, אז ביי היינטיגן מאמענט וואוינט אין די דאזיגע גרעסטע דייטש־אידישע קהלות מער פון א דריטל פון אלע דייטשע אידן. אט זייגען ציפערן, וואס געבן אונז דעם צושטאנד בנוגע צו דער אנגערירטער פראגע אין 1905־טן יאר.

אין 1905־טן יאר זיינען געווען אין דייטשלאנד:

| קהלות מיט אידן | די צאל קהלות | די אבסא־לוטע צאל אידן | % פון אלע אידן אין דייטשלאנד |
|---|---|---|---|
| פון 1000 ביז 5000 | 41 | 87 276 | 14,36 |
| פון 5000 ביז 10 000 | 6 | 38 356 | 6.31 |
| מער פון 10 טויזנט | 7 | 198 845 | 32,71 |
| **סך־הכל קהלות מיט מער פון 1000 אידן** | **54** | **324 477** | **53,38** |

אין 1900־טן יאר זיינען געווען אין גאנץ דייטשלאנד קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן נאר 4 מיט 25,88 פראצענט פון אלע אידן און שפעטער, סך־הכל מיט פינף יאר, שוין 7 קהלות מיט 32,71 פראצענט פון אלע אידן אין דייטשלאנד. און דערמיט דערקלערט זיך, וואס די צאל פון די קהלות פון 1000 ביז 10 טויזנט האט זיך פארקלענערט פון 51 אויף 47. דריי פון די דאזיגע קהלות זיינען אויסגעוואקסן און זיינען אריבער אין דער קאטעגאריע פון קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן, און איינע האט זיך פארקלענערט און איז אראפ צו דער קאטעגאריע קהלות מיט ווייניגער פון 1000 אידן. די קהלות פון 1000 ביז 10 טויזנט אידן האבן פאר די פינף יאר אנגעווארן 16 103 נפשות, ווען אין די נאר גרויסע קהלות — מיט מער פון צען טויזנט אידן — איז צוגעקומען 46 173. קומט אויס, אז דער עיקר זיינען די נאר גרויסע קהלות געוואקסן אויפן חשבון פון די קליינטשקע קהלה'לאך מיט ווייניגער פון 1000 אידן אין יעדער. אט פון דארטן גייט די עמיגראציע אין די גרעסערע שטעט, און די

דייטשע אידן ווערן ניט נאר גרויס־שטאטישע, נאר אויך גרויס־קהלה׳שע; דער פּראָצעס איז א צווייענדיגער — די קאָנצענטראַציע שאפט קאָמפּאַקטע געדיכט־באַזעצטע גרויסע אידישע קהלות אין די גרויסע שטעט.

פון גאנץ דייטשלאנד לאמיר איבערגיין צו באַזונדערע מלוכות. פּרייסן פּאַרמאַגט, ווי מיר האָבן געזעהן, ביז 70 פּראָצענט פון אלע דייטשע אידן, און פון פּרייסן וועלן מיר דעריבער אנהויבן.

אין פּרייסן זיינען געווען אין 1816־טן יאר 123 938 אידן, וועלכע האָבן פאַרנעשטעלט לגבי דער גאַנצער דעמאָלטיגער פּרייסישער באַפעלקערונג — 1,19 פּראָצענט; אין 1840־טן יאר איז געווען אין פּרייסן — 194 558 אידן און זיי האָבן אויסגעמאַכט 1,33 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. דער פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פּרייסן איז געוואָרן העכער פאר דער דאָזיגער צייט, דאָס הייסט, אז דעמאָלט איז די אידישע באַפעלקערונג געוואַקסן אינטענסיווער, ווי די ארומיגע באַפעלקערונג. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס ביי די דעמאָלטיגע פּרייסישע אידן איז געווען דער נאַטיר־ליכער צוואוקס א העכערער, ווי ביי דער איבעריגער באַפעלקערונג, ווייל ביי די אידן איז די שטאַרבליכקייט געווען א נידעריגע. אין 1880־טן יאר איז גע־ווען אין פּרייסן — 363 790 אידן און זיי האָבן אויסגעמאַכט, ווי אין 1840־טן יאר — 1,33 פּראָצענט פון דער ארומיגער באַפעלקערונג. פון דעם דאָזיגן יאר אָן הויבט אָן דער פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַלן אָהן אָן אויפהער. אין פּרייסן זיינען געווען אידן:

| | | |
|---|---|---|
| 1. אין 1880־טן | 363 790 | 1,33 % |
| 2. אין 1895־טן | 379 716 | 1,19 % |
| 3. אין 1910־טן | 415 867 | 1,04 % |

מיר זעהען, אז אין 1895־טן יאר האָט דער פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פּרייסן זיך אומגעקערט צום צושטאַנד פון 1817־טן יאר און אין 1910־טן יאר איז ער שוין אראָפּגעפאַלן נאָך נידעריגער — ביז 1,04 פּראָ־צענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. און דערצו דאַרף מען געדיינקען, אז גראָד פאר די לעצטע פופצן־צוואַנציג יאר איז געווען א באַדייטנדיגע צוואַנדערונג קיין פּרייסן פון רוסישע און עסטרייכישע אידן. פאַרוואָס שטייט אַזוי אַפּ דער צוואוקס פון די פּרייסישע אידן? די הויפּט־סבה באַשטייט אינם שרעקליך

אינטענסיוון פאלן פון די צאל געבורטן ביי די פרייסישע אידן, ווי מיר וועלן זעהן אין צווייטן טייל פון אונזער בוך.

פרייסן באשטייט פון פראווינצן, וועלכע קאנען געטיילט ווערן, הן לויט דער עקאנאמישער אנטוויקלונג און הן לויט דעם נאציאנאלן צוזאמענשטעל, אין צוויי גאנץ באזונדערע חלקים. איין טייל פראווינצן, וואס באשטייט פון א געמישטער באפעלקערונג — דער עיקר פון דייטשן און פאלאקן —, געפינט זיך נאך אויף א נידעריגער מדרגה פון אינדוסטריע־אנטוויקלונג און קאן פארעכנט ווערן פארן אגראַרן טייל פון פרייסן. פארקערט, די צווייטע גרופע פראווינצן, וואס פארמאגט כמעט אויסשליסליך א דייטשע באפעלקערונג, שטייט אויף א הויכער מדרגה פון עקאנאמישער אנטוויקלונג און קאן פארעכנט ווערן פארן אינדוסטריעלן טייל פון פרייסן. און אויב אין דער צווייטער גרופע פראווינצן, אין די אינדוסטריעל־אנטוויקלטע, וואקסט די אידישע באפעלקערונג, הגם אין א קלענערער מאס פון דער ארומיגער באפעלקערונג, איז אין דער ערשטער גרופע פראווינצן פארקלענערט זיך אפילו די אבסאלוטע צאל אידן. ברייענגען מיר די ציפערן פון די פראווינצן, וואו די אידישע באפעלקערונג פארקלענערט זיך.

טאבעלע XL

## די פארקלענערונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין אייניגע פראווינצן פון פרייסן.

| פראווינצן | אבסאלוטע צאל אידן 88 | אבסאלוטע צאל אידן 1910 | די פארקלענערונג פון דער אידישער באפעלקערונג פון 1880 ביז 1910 |
|---|---|---|---|
| מזרח־פרייסן | 18 218 | 13 027 | 5 191 |
| מערב־פרייסן | 26 547 | 13 954 | 12 593 |
| פאמערן | 13 886 | 8 862 | 5 024 |
| פויזן | 56 609 | 26 512 | 30 097 |
| שלעזיען | 52 682 | 44 985 | 7 697 |
| **סך־הכל** | **167 942** | **107340** | **60 602** |

פאר דרייסיג יאר האבן די דאזיגע פינף פראווינצן פארלארן מער פון זעכציג טויזנט אידן, חוץ דעם נאטירליכן צוואוקס, ד. ה. אז זיי האבן פאר־

לארן מער פון א דריטל (36,1 פראצענט) פון ד'ער צאל אידן, וואס איז געוועזן אין 1880־טן יאר, און צו דעם דארף מען נאך צוגעבן דעם מותר פון די נעד־בוירענע איבער די געשטארבענע פאר די פארגאנגענע דרייסיג יאר. די פראַ־צענטועלע פארקלענערונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין באזונדערע פראווינצן פאר די געזאגטע דרייסיג יאר וועט זיין פאלגנדיגע:

| | |
|---|---|
| 1. מזרח־פרייסן | 28,90 |
| 2. מערב־פרייסן | 47,43 |
| 3. פאמערן | 36,17 |
| 4. פויזן | 53,16 |
| 5. שלעזיען | 14,61 |

פויזן האט פארלוירן פאר דרייסיג יאר מער פון א העלפט פון אירע אידן — 53,16 פראצענט; מערב־פרייסן האט אנגעווארן פאר דרייסיג יאר אויך כמעט א העלפט פון אירע אידן — 47,43 פראצענט; פאמערן — מער פון א דריטל — 36,17 פראצענט; מזרח־פרייסן — מער פון א פערטל פון אלע אידן פונם דאזיגן קאנט — 28,90; און נאר שלעזיען האט אנגעווארן נים זעהר קיין גרויסן פראצענט פון אירע אידן, נאר דאך אויך א זיבעטל.

אין גאנץ פרייסן איז צוגעקומען פאר די דער'מאנטע דרייסיג יאר 52,077 אידן, אדער 14,3 פראצענט. אזוי ווי אין פינף פראווינצן, ווי מיר האבן געזעהן העכער, איז די צאל אידן געווארן קלענער אויף 60,602 נפשות, קומט אויס, אז אין אלע איבעריגע פראווינצן איז דער צוּוואקס געווען: 52 077 + 60 602 = 112 679. אין וואסערע־זשע פראווינצן פון פרייסן האבן זיך דער־עיקר קאנצענטרירט די דאזיגע מער פון 112 טויזנט אידן? פון אכט פראווינצן, וואס האבן געהאט א צוּוואקס פון 112 679 אידן פאר דרייסיג יאר — פון 1880 ביז 1910 — האבן צוויי פראווינצן — די שטאט בערלין און די פראווינץ בראנדענ־בורג, וועלכע באשטייט פאקטיש פון די פארשטעט פון בערלין, — באקומען 85 052 אידן אדער מער פון 75 פראצענט פונם גאנצן צוּוואקס פון אלע אכט פראווינצן.

מיר האבן העכער געזאגט, אז אין די פראווינצן, וואו די צאל אידן פאר־קלענערט זיך, איז די באפעלקערונג א געמישטע. מיר וועלן ברענגען אייניגע דאטן, וועלכע וועלן באלייכטן די דאזיגע פראגע.

אין פויזן איז די באפעלקערונג באשטאנען פון פאלגנדיגע נאציעס (1910):

| | | |
|---|---|---|
| 1. פאלאקן | 1 290 723 | 61,48 % |
| 2. דייטשן | 780 276 | 37,16 % |
| 3. אידן | 26 466 | 1,26 % |
| 4. אנדערע פעלקער | 2 366 | 0,10 % |
| **סך־הכל** | **2 099 831** | **100,0** |

אינטערעסאנט איז, וואס פון 26 466 אידן האבן נאר 22 אנגעגעבן פויליש פאר זייער מוטער־שפראך; אלע־זשע איבעריגע 26 444 אידן האבן אנגעגעבן די דייטשע שפראך פאר זייער מוטער־שפראך און האבן דערמיט געהויבן דעם פראצענט פון די דייטשן אין דער דאזיגער פראווינץ. פארשטייט זיך, אז בנוגע צום גאנצן קאנט קאן די קליינע צאל אידן ניט געבן דער דייטשער מינדערהייט קיין גרויסע שטיצע. ס'זיינען אבער פאראן שטעט אין דער דאזיגער פראווינץ, וואו אידן מאכן אויס מער פון צען פראצענט און אזא באדייטנדיגע צאל שפילט שוין א ראלע אינם קאמף, וואס קומט דארט פאר צווישן די דייטשן און פאלאקן.

די פארקלענערונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין פויזן, אין דער דאזיגער אמאליגער פוילישער פראווינץ, וואו די אידן האבן לאנגע יארן גע־שפילט א באדייטנדיגע ראלע און וואו זיי האבן פארמאגט גאנץ גרויסע אידישע קהלות, שטעלט פאר מיט זיך אזא אינטערעסאנטע ערשיינונג, אז ס'לוינט זיך אביסל גענויער אויף איר פארהאלטן.

טאבעלע XLI

### די אידן אין פויזן אין 19־טן יארהונדערט.

| יאר | אבסאלוטע צאל אידן | דער פראצענט אידן לגבי דער גאנצער באַ־פעלקערונג | 1849=100 |
|---|---|---|---|
| 1819 | 55 771 | — | — |
| 1849 | 76 757 | 5,70 | — |
| 1861 | 74 272 | 5,10 | 96,7 |
| 1871 | 61 982 | 3,90 | 80,7 |
| 1880 | 56 609 | 3,30 | 73,7 |
| 1890 | 44 346 | 2,50 | 57,7 |
| 1900 | 35 327 | 1,90 | 46,0 |
| 1910 | 26 512 | 1,26 | 34,5 |

אין די ערשטע דרייסיג יאר — פון 1819 ביז 1849־טן יאר — איז די אידישע באפעלקערונג פון פויזן פארגרעסערט געווארן אויף מער פון 20 טויזנט אידן, אויף 37,9 פראצענט. פון דעמאלט אן הויבט זיך אן די אומאויפהערליכע פארקלענערונג פון דער אידישער באפעלקערונג, וואס מען זעהט בולט פון דער לעצטער שורה פון דער טאבעלע. נעמען מיר די צאל אידן פון 1849־טן יאר פאר 100, קומט אויס, אז אין 1910־טן יאר איז פון די דאזיגע הונדערט געווארן סך־הכל 34,5. די פארקלענערונג פאר 60 יאר דערגרייכט 65,5 פראצענט, צוויי דריטל. בנוגע צו דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן אידן אויסגעמאכט אין פויזן: אין 1849־טן יאר — 5,70 פראצענט און אין 1910־טן יאר שוין נאר 1,26, כמעט פינף מאל וויינינער.

ביז די זיבציגער יארן האט אויסגעוואנדערט פון פויזן דער אידישער ארימער בעל־מלאכה, וועלכער האט אפגעטראטן זיין ארט דעם פוילישן בעל־מלאכה; שפעטער איז אבער געקומען אויך די רייהע פאר די אידישע בורזשואזע קלאסן און פון די 70־ער יארן אן ווערן ארויסגעשטויסן פון פויזן אפילו די אידן, וואס האבן עקאנאמיש זיך דערשלאגן א גאנץ הויכע מדרגה. די סבות, וועלכע האבן געבראכט דערצו, אז די אידן האבן געמוזט פארלאזן פויזן, זיינען בערך דיזעלבע, וואס אין בעהמען און אין מערן. וואס מער די פוילישע באפעלקערונג האט זיך באזעצט אין די שטעט און האט זיך אנגעהויבן פארנעמען מיט שטאטישע פראפעסיעס, וואס מער ס'זיינען אויסגעוואקסן די בירגערליכע קלאסן ביי דער ארומיגער באפעלקערונג, וואס פארביטערטער ס'איז געווארן דער נאציאנאלער קאמף צווישן די פאלאקן און די דייטשן און וואס מער דער דאזיגער קאמף האט באאיינפלוסט דאס עקאנאמישע לעבן, — אלץ וויינינער ארט איז געבליבן פאר דער אידישער פארמיטלעריי און פאר דער אידישער האנטווערקעריי, אלץ מער האט דער צווישן־עלעמענט געמוזט ארויסגעשטויסן ווערן.

ערשט צוריק מיט 70 יאר האבן די אידן געשפילט נאר א באדייטנדיגע ראלע אין די שטעט פון דער פראווינץ פויזן — זיי האבן אבער געמוזט אפטרעטן דאס ארט די פאלאקן. ווי ס'איז געפאלן די צאל פון די אידן אין די שטעט, זעהט מען פון ציפערן, ז. 129.

מיר זעהען, אז אין 1840־טן יאר זיינען נאך געווען 26 שטעט, וואו די אידן האבן אויסגעמאכט מער פון 20 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג און אין 1905־טן איז שוין ניט געווען קיין איין שטאט אזעלכע אין גאנץ פויזן. אין 1840־טן יאר זיינען נאך געווען אפילו צוויי שטעט, וואו אידן

דער פראצענט פון די אידן אין שטעט מיט מער פון 2000 איינוואוינער:

| דער פראצענט | די צאל שטעט | |
|---|---|---|
| | 1840 | 1905 |
| מער פון 50 % אידן | 2 | — |
| פון 30 ביז 50 % „ | 14 | — |
| פון 20 ביז 30 % „ | 10 | — |
| סך־הכל שטעט מיט מער פון 20 % אידן | 26 | — |
| „ „ פון 10 % ביז 20 % „ | 29 | 7 |

האבן אויסגעמאכט מער פון 50 פראצענט — אן אבסאלוטע מערהייט, און 14 שטעט, וואו אידן האבן אויסגעמאכט פון 30 ביז 50 פראצענט. אין די דאזיגע אלע שטעט מאכן די אידן איצט אויס א נישטיגע מינדערהייט, וועלכע האלט אין איין פאלן. און אין די אייגענע שטעט, וואו די צאל אידן האט זיך אבסאלוט פארקלענערט, האט זיך די צאל פאלאקן עטליכע מאל פארגרעסערט. אין 1840־טן יאר האבן נאר איינציגע שטעט אין פוזן געהאט א פוילישע מערהייט און אין 1910־טן יאר האט שוין כמעט דאס רוב פויזנער שטעט געהאט א פוילישע מערהייט. די פאלאקן פירן מיט ערפאלג דעם קאמף ניט נאר מיט די אידן, נאר אויך מיט די דייטשן, הגם די לעצטע גובר צו זיין איז, פארשטייט זיך, אביסל שווערער, ווי די אידן. דאך מוז מען מודה זיין, אז דער פוילישער עלעמענט אין די פויזנער שטעט וואקסט אויפן חשבון פונם דייטשן. אין די 129 פויזנער שטעט איז די באפעלקערונג באשטאנען:

| יאר | דייטשן | | פאלאקן | |
|---|---|---|---|---|
| | אבסאלוטע צאל | פראצענט | אבסאלוטע צאל | פראצענט |
| 1890 | 300 600 | 55,4 | 240 300 | 44,5 |
| 1910 | 369 556 | 51,0 | 351 385 | 48,6 |

מיר זעהען, אז דער פראצענט דייטשן איז געווארן קלענער — פון 55,4 פראצענט ביז 51,0. פארקערט, דער פראצענט פאלאקן האט זיך פארגרעסערט

פאר די 20 יאר פון 44,5 ביז 48,6 פראצענט. ביי די דייטשן איז צוגעקומען אין די שטעט פאר 20 יאר 68 956 נפשות אדער 22,8 פראצענט און ביי די פאלאקן 111 085 נפשות אדער 46,2 פראצענט; דער צוּוואקס איז ביי די פאלאקן געווען צוויי מאל שטארקער, ווי ביי די דייטשן.

דערמאנען מיר זיך נאך, אז די אידן אין פּויזן זיינען צוגערעכנט צו די דייטשן און אז די גרעסטע מערהייט אידן וואוינט אין די שטעט, וועלן מיר קומען צום אויספיר, אז פאקטיש האבן די פאלאקן אין 1910־טן יאר שוין געהאט אן אבסאלוטע מערהייט אין די שטעט.

לאמיר איצט איבערגיין צו דער קאנצענטראציע פון די פרייסישע אידן אין גרויסע שטעט און אין גרויסע קהלות.

אין 1817־טן יאר האבן געוואוינט אין דערפער 19,8 פראצענט פון אלע פרייסישע אידן און אין 1910־טן יאר 13 פראצענט. ביי דער גאנצער באפעל־קערונג האט אין 1817־טן יאר געוואוינט אין דערפער 75 פראצענט פון אלע איינוואוינער און אין 1910־טן יאר מער פון 52 פראצענט.

די קאנצענטראציע פון די אידן אין גרויסע שטעט ווערט ערשט קלאר, ווען מיר טיילן אלע וואוין־ערטער אין עטליכע קאטעגאריעס לויט דער אבסאלוטער צאל איינוואוינער און מיר פארגלייכן די אידישע מיט דער אלגעמיינער באפעלקערונג.

טאבעלע XLII

## די פרייסישע אלגעמיינע און אידישע באפעלקערונג אין פארשיידענע טיפּן מקומות (1910).

| מקומות | פון 100 נפשות פון דער גאנצער באפעלקערונג | פון 100 נפשות פון דער אידישער באפעלקערונג |
|---|---|---|
| מיט מער פון 100 טויז. איינוו. | 22,44 | 59,49 |
| פון 50 ביז 100 טויז. „ | 5,72 | 3,98 |
| פון 20 ביז 50 טויז. „ | 8,96 | 8,15 |
| ווייניגער פון 20 טויז. „ | 62,88 | 28,38 |
| סך־הכל | 100,0 | 100,0 |

נעמען מיר די גאר גרויסע שטעט (מיט מער פון 100 טויזנט איינוואוינער), זעהען מיר, אז אין אזעלכע מקומות וואוינען כמעט דריי פינפטל (59,49) פון אלע פרייסישע אידן און נאר 22,44 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג. נעמען מיר די קליינע פונקטן (מיט ווייניגער פון 20 טויזנט איינוואוינער), זעהען מיר פארקערט, אז ביי דער גאנצער באפעלקערונג וואוינען אין אזעלכע קליינע מקומות מער פון דריי פינפטל (62,88) און ביי אידן נאר 28,38 פראצענט.

די קאנצענטראציע פון די פרייסישע אידן אין גרויסע מקומות איז געגאנגען באזונדער אינטענסיוו די לעצטע צענדליגער יארן. פון הונדערט פרייסישע אידן האבן געלעבט אין

| מקומות | 1885 | 1910 |
| --- | --- | --- |
| מיט מער פון 100 טויז. איינוו. | 32,67 | 59,49 |
| פון 20 ביז 100 טויז. „ | 13,50 | 12,13 |
| ווייניגער פון 20 טויז. „ | 53,83 | 28,38 |
| סך־הכל | **100,0** | **100,0** |

אין 1885־טן יאר האט געלעבט אין גאר גרויסע שטעט ניט ווייניגער פון א דריטל פון אלע פרייסישע אידן און אין 1910־טן יאר — דריי פינפטל. אין קליינע מקומות האט געוואוינט אין 1885־טן יאר מער פון א העלפט (53,83) פון אלע פרייסישע אידן און אין 1910־טן נאר 28,38 פראצענט.

לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג מאכן די אידן אויס אפילו אין די שטעט גאר ניט קיין גרויסן פראצענט. אין איניגע קליינע שטעט, וואו ס'זיינען פאראן ניט קיין גרויסע קהלות, מאכן די אידן אויס מער פון 10 פראצענט. נעמען מיר אידישע קהלות מיט מער פון טויזנט אידישע נפשות, וועלן מיר געפינען, אז אין 1910־טן יאר זיינען געוועזן פינף שטעט, וואו די אידן האבן אויסגעמאכט פון 5 ביז 10 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג; אין צען שטעט האבן די אידן אויסגעמאכט פון 2 ביז 5 פראצענט, און אין אלע איבעריגע שטעט ווייניגער פון צוויי פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג.

אינטערעסאנט איז די קאנצענטראציע פון די אידן אין גרעסערע קהלות. די טאבעלע XLIII גיט אונז זעהר אינטערעסאנטן מאטעריאל וועגן דער

דאזיגער פראגע, באלייכטנדיג די אנטוויקלונג פון די אידישע קהלות אין פרייסן פאר א גאנצן יארהונדערט כמעט (פון 1817 ביז 1910). פון דער דאזיגער טאבעלע זעהען מיר, ראשית, אז אין 1817־טן יאר איז ניט געווען אין פרייסן קיין איין קהלה מיט מער פון 5 טויזנט אידן, שוין אפגערעדט פון קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות. אין 1910־טן יאר האבן געוואוינט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן קרוב צו א העלפט (44,0) פון אלע פרייסישע אידן און אין קהלות מיט מער פון 5 טויזנט אידן טאקי כמעט א גאנצע העלפט — 48,9 פראצענט. די מערהייט פון די פרייס׳ישע אידן — גאנצע 59,8 פראצענט — האבן אין 1817־טן יאר געוואוינט אין קהלות מיט ווייניגער פון 500 אידישע נפשות; אין 1910־טן יאר האבן אין אזעלכע קליינינקע קהלות שוין געוואוינט סך־הכל — 31,2 פראצענט. גרויסע קהלות אין 1817־טן יאר האבן געקאנט הייסן די, וואס האבן פארמאגט דעמאלט פון דריי ביז פינף טויזנט אידן — און אין אזעלכע גרויסע קהלות, לויט דעם דעמאלטיגן מאס־שטאב, האבן געוואוינט 11,9 פראצענט פון אלע פרייסישע אידן.

טאבעלע XLIII

## די פרייס׳ישע אידן אין פארשיידענע טיפן קהלות.

| קהלות | 1817 די צאל קהלות | 1817 אבסאלוטע צאל אידן | 1817 % פון אלע אידן אין פרייסן | 1910 די צאל קהלות | 1910 אבסאלוטע צאל אידן | 1910 % פון אלע אידן אין פרייסן |
|---|---|---|---|---|---|---|
| מיט מער פון 10 טויזנט אידן | — | — | — | 6 | 182 672 | 44,0 |
| פון 5 ביז 10 טויזנט אידן | — | — | — | 3 | 20 498 | 4,9 |
| פון 3 ביז 5 טויזנט אידן | 4 | 15 677 | 11,9 | 2 | 8 548 | 2,0 |
| פון 1 ביז 3 טויזנט אידן | 17 | 23 378 | 17,7 | 23 | 44 276 | 10,7 |
| פון 500 ביז 1000 אידן | 21 | 14 091 | 10,6 | 43 | 30 303 | 7,2 |
| סך־הכל | 42 | 53 146 | 40,2 | 77 | 286 297 | 68,8 |

לאמיר זיך נאך אביסל אפשטעלן אויף דער אנטוויקלונג פון א פאר פון די גרעסטע אידישע קהלות. צום ערשט וועגן בערלין.

דער וואוקס פון דער שטאט בערלין בכלל און פון איר אידישער קהלה בפרט איז פארגעשטעלט אין דער קומענדיגער טאבעלע.

## די בערלינער אלגעמיינע און אידישע באפעלקערונג פאר 100 יאר.

| יאר | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעל־קערונג | 1811=100 ביי דער גאנצער באפעלק. | ביי אידן |
|---|---|---|---|---|
| | | | | |
| 1811 | 169 763 | 3 292 | 100 | 100 |
| 1840 | 328 692 | 6 456 | 193 | 196 |
| 1855 | 432 685 | 12 675 | 255 | 385 |
| 1871 | 825 937 | 36 015 | 486 | 1 098 |
| 1880 | 1 122 330 | 53 916 | 661 | 1 639 |
| 1890 | 1 578 794 | 79 286 | 930 | 2 409 |
| 1900 | 1 888 848 | 92 206 | 1 113 | 2 802 |
| 1910 | 2 071 257 | 90 013 | 1 220 | 2 736 |

די אידישע באפעלקערונג האט זיך פארגרעסערט פארן גאנצן פעריאד — פון 1811 ביז 1910־טן יאר — זיבן און צוואנציג מאל, ווען די גאנצע באפעלקערונג נאר צוועלף מאל. דעם דאזיגן גאנצן פעריאד קאן מען אבער טיילן אין דריי שטארק פארשיידענע עפאכעס.

1. ביז 1840־טן יאר,
2. פון 1840־טן ביז 1880־טן און
3. פון 1880־טן ביז 1910־טן.

אין דער ערשטער עפאכע — פון 1811 ביז 1840 — איז די אידישע באפעלקערונג געוואקסן כמעט גלייך מיט דער ארומיגער באפעלקערונג, לאנגזאם און פאמעליך. פון די 40־ער יארן הויבט אן בערלין גיך וואקסן; דער האנדל בליהט און וואקסט; די אינדוסטריע קומט נאכן האנדל, פארברייטערט זיך און פארפעסטיגט זיך — און אין דער דאזיגער צייט וואקסט די אידישע באפעל־קערונג א סך שנעלער און אינטענסיווער, ווי די ארומיגע באפעלקערונג; אין דער דריטער עפאכע — פון די אכציגער יארן, ווען בערלין איז שוין זאט מיט האנדלס־עלעמענטן און אינטעליגענץ, און דער צענטער פון דער אנטוויקלונג טראגט זיך אריבער אויף דער גרויס־אינדוסטריע, שטעלט זיך איין כמעט א

גלייכגעוויכט צווישן דעם וואוקס פון דער אידישער און פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג.

די נאר וואס ארויסגעזאגטע געדאנקן ווערן גוט אילוסטרירט פון די דאטן, וואס זיינען געבראכט אין דער לעצטער שורה פון דער לעצטער טאבעלע. פון הונדערט נפשות אין 1811 זיינען געווארן:

| יאר | ביי דער גאנצער באפעל־קערונג | ביי דער אידישער באפעל־קערונג |
|---|---|---|
| 1840 | 194 | 196 |
| 1880 | 661 | 1 639 |
| 1910 | 1 220 | 2 736 |

אלזא ביז 1840־טן האט זיך אי די אידישע אי די אלגעמיינע באפעלקערונג פון בערלין כמעט פארדאפלט; פון 1840 ביז 1880 האט זיך די אידישע באַ־פעלקערונג פארגרעסערט מער פון אכט מאל, און די גאנצע באפעלקערונג נאר מער פון דריי מאל; פון 1880 ביז 1910 האט זיך די אידישע באפעלקערונג פארגרעסערט אביסל מער פון אנדערטהאלבן מאל, און די אלגעמיינע כמעט צוויי מאל.

דער פראצענט פון צוואוקס פאר די אנגעוויזענע דריי עפאכעס איז געווען פאלגנדיגער:

| יארן | ביי דער גאנצער באפעל־קערונג | ביי דער אידישער באפעל־קערונג |
|---|---|---|
| 1840—1811 | 93,0 | 96,1 |
| 1880—1841 | 241,4 | 734,8 |
| 1910—1881 | 84,5 | 66,9 |
| **1910—1811** | **112,0** | **263,6** |

פון די דאזיגע ציפערן איז קלאר, אז אין ערשטן פעריאד גייט דער וואוקס גלייך ביי דער אלגעמיינער און ביי דער אידישער באפעלקערונג; אין צווייטן

פּעריאָד וואַקסט די אידישע באַפעלקערונג אַ סך אינטענסיווער, און צום סוף פון 19־טן יאָרהונדערט הויבט אָן דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין בערלין אָפּשטיין פונם וואוקס פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. דאָס דאָזיגע אָפּשטיין פונם וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג הויבט זיך אָן אין דער אמתן טאַקע צום סאַמע סוף פון 19־טן יאָרהונדערט — פון 1895־טן יאָר.

לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג האָבן אידן אויסגעמאַכט אין בערלין:

| | |
|---|---|
| אין 1811־טן יאָר | 1,94 % |
| " 1840 " " | 1,96 " |
| " 1855 " " | 2,93 " |
| " 1871 " " | 4,36 " |
| " 1880 " " | 4,80 " |
| " 1890 " " | 5,02 " |
| " 1900 " " | 4,83 " |
| " 1910 " " | 4,34 " |

דעם העכסטן פּראָצענט לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג האָבן אידן דערגרייכט אין 1890־טן יאָר — 5,02; נאָך גרעסער איז געווען דער פּראָצענט פון די אידן אין 1895־טן — 5,13.

אינטערעסאַנט איז צו זעהן, וואָסער אַ טייל פון אַלע פּרייסישע אידן האָט בערלין פאַרמאָגט אין פאַרשיידענע צייטן פון באַטראַכטן פּעריאָד.

אין בערלין האָט געוואוינט פון אַלע פּרייסישע אידן:

| | |
|---|---|
| 1. אין 1816־טן | 2,72 % |
| 2. " 1840 " | 3,31 " |
| 3. " 1874 " | 11,06 " |
| 4. " 1880 " | 14,82 " |
| 5. " 1890 " | 21,31 " |
| 6. " 1900 " | 23,50 " |
| 7. " 1910 " | 21,64 " |

צוריק מיט הונדערט יאָר האָט אין בערלין געוואוינט סך־הכל איין זיבן און דרייסיגסטל פון אַלע פּרייסישע אידן, און אין 1910־טן מער פון אַ פינפטל.

מיר פאַרשפּאָרן זאָגן, אַז דער קאָלאָסאַלער וואוקס פון דער בערלינער קהלה איז אַרויסגערופן ניט פון נאַטירליכן צוואוקס, נאָר פון צוואַנדערונג. אום

צו זעהן, אויף וויפיל די צוזואנדערונג איז געווען שטארקער פונם נאטירליכן צוזואקס, וועלן מיר ברייגגען איניגע ציפערן:

| יארן | נאטירליכער צוזאקס ביי די אידן אין בערלין | צוזואנדערונג פון אידן קיין בערלין |
| --- | --- | --- |
| 1871—1861 | 2 518 | 14 544 |
| 1880—1871 | 5 516 | 12 385 |
| 1890—1880 | 5 728 | 19 642 |
| **1890—1861** | **13 762** | **46 571** |

פאר אלע דרייסיג יאר איז די צוזואנדערונג געווען דריי מיט א האלבן מאל מער, ווי דער נאטירליכער צוזואקס. אבסאלוט איז די גרעסטע צוזואנדערונג געווען אין די לעצטע צען יאר — פון 1880 ביז 1890. רעלאטיוו איז די צוזואנדערונג געווען גרעסער אין די ערשטע צען יאר, ווען זי איז געווען כמעט זעקס מאל שטארקער, ווי דער נאטירליכער צוזואקס.

פון וואנען האט מען עמיגרירט קיין בערלין? דער עיקר פון די פראווינצן, וואס ווען דער פארקלענערונג פון זייער אידישער באפעלקערונג האבן מיר גערעדט העכער. אין בערלין זיינען אין די זיבעציגער און אכטציגער יארן געווען צוויי דריטל אידן, וועלכע זיינען ניט געבוירן געווארן אין דער דאזיגער שטאט. פון די דאזיגע צוויי דריטל בערלינער אידן, וואס זיינען אנגעקומען פון אנדערע מקומות, זיינען געווען ביז 20 פראצענט פון פויזן; פון מזרח- און מערב-פרייסן — 12 פראצענט. אין בערלין איז אבער אויך דא א גרויסע צאל אויסלענדישע אידן: פון עסטרייך און רוסלאנד. אין 1900-טן יאר איז געווען אין בערלין — 11 651 אויסלענדישע אידן, 12,6 פראצענט פון אלע בערלינער אידן. אין 1905-טן — 18 316 אויסלענדישע אידן, 18,4 פראצענט פון אלע בערלינער אידן.

מיר האבן ביז אהער גערעדט וועגן, אזוי צו זאגן, קליין-בערלין; נעמען מיר גרויס-בערלין, ד. ה. מיט די פארשטעט שארלאטענבורג, שענעבערג, ווילמערסדארף און אנדערע, באקומען מיר, אז אין בערלינער קהלה זיינען פאראן 143 975 אידן, וועלכע מאכן אויס 4,05 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג און אקוראט א דריטל פון אלע פרייסישע אידן.

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן אין דייטשלאנד: אין 1871־טן יאר? אין 1910־טן?

2. וואסער א פראצענט האבן אידן אויסגעמאכט אין דייטשלאנד: אין 1871־טן יאר? אין 1910־טן?

3. וואסער א באפעלקערונג וואקסט אינטענסיווער: די אלגעמיינע אדער די אידישע?

4. מיט וואס דערקלערט זיך דער שוואכער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין דייטשלאנד?

5. וואסער א פראצענט דייטשע אידן וואוינט: אין פרייסן? אין בייערן? אין עלזאס־לאטרינגען?

6. וואסער א פראצענט פון דער באפעלקערונג וואוינט אין גרויסע שטעט (מיט מער פון 100 טויזנט איינוואוינער): ביי דער גאנצער באפעלקערונג? ביי די אידן?

7. וואסער א פראצענט דייטשע אידן וואוינט אין בערלין? אין גרויס־בערלין?

8. וואסער א פראצענט דייטשע אידן האט געוואוינט אין 1900־טן יאר אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן? אין 1905־טן יאר?

9. וויפיל זיינען געווען אידן אין פרייסן: אין 1816־טן יאר? אין 1840־טן? אין 1880־טן? אין 1910־טן?

10. פארוואס שטייט אָפּ דער צוואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג פון פרייסן אין פארגלייך מיט דעם צוואוקס ביי דער ארומיגער באפעלקערונג?

11. ווי אזוי קאן מען טיילן די פראוינצן פון פרייסן?

12. אין וועלכע פרייסישע פראווינצן ווערט פארקלענערט די אבסאלוטע צאל אידן?

13. וואסער א פראצענט אידן האט פארלארן פון 1880 ביז 1910־טן: פויזן? מערב־פרייסן? מזרח־פרייסן? פאמערן?

14. פון וואסערע פעלקער באשטייט פויזן?

15. וואסער א שפראך האבן די פויזנער אידן אנגעגעבן אין 1910־טן יאר פאר זייער מוטער־שפראך?

16. וויפיל אידן זיינען געווען אין פויזן: אין 1819־טן? אין 1849־טן? אין 1871־טן? אין 1890־טן? אין 1910־טן?

17. אויף וויפיל פראצענט האט זיך פארקלענערט די צאל אידן פון 1849־טן ביז 1910־טן?

18. מיט וואס דערקלערט זיך די פארקלענערונג פון דער צאל אידן אין פויזן?

19. וויפיל זיינען געווען אין פויזן שטעט מיט מער פון 50 פראצענט אידן: אין 1840־טן? אין 1905־טן?

20. וויפיל זיינען געווען אין פויזן שטעט מיט מער פון 20 פראצענט אידן: אין 1840־טן? אין 1905־טן?

21. וואסער א נאציע פארנעמט אין די פויזנער שטעט דאס ארט פון די אידן?

22. וואסער א פראצענט פרייסישע אידן האבן געוואוינט אין דערפער: אין 1817־טן? אין 1910־טן?

23. וואסער א פראצענט פרייסישע אידן האבן געוואוינט אין שטעט: אין 1817־טן? אין 1910־טן?

24. וואסער א פראצענט פרייסישע אידן האט געוואוינט אין גרויסע שטעט (מיט מער פון 100 000 איינוואוינער): אין 1885־טן? אין 1910־טן?

25. וואסער א פראצענט פרייסישע אידן האט געוואוינט אין גרויסע קהלות (מער פון 10 טויזנט אידן): אין 1817־טן? אין 1910־טן?

26. וויפיל אידן זיינען געווען אין בערלין: אין 1811־טן? אין 1840־טן? אין 1880־טן? אין 1910־טן?

27. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט פאר הונדערט יאר די גאנצע באפעלקערונג פון בערלין? די אידישע?

28. וואסער א פראצענט לגבי דער גאנצער באפעלקערונג האבן אידן אויסגעמאכט אין בערלין: אין 1811־טן? אין 1855־טן? אין 1890־טן? אין 1910־טן?

29. וואסער א פראצענט פרייסישע אידן האט געוואוינט אין בערלין: אין 1816־טן? אין 1840־טן? אין 1880־טן? אין 1900־טן? אין 1910־טן?

30. וויפיל האט באטראפן אין בערלין פון 1861־טן יאר ביז 1890־טן: דער נאטירליכער צוואקס פון אידן? די צוואנדערונג?

31. פון וואנען האבן אידן עמיגרירט קיין בערלין?

32. וויפיל זיינען געווען אין בערלין אויסלענדישע אידן אין 1905־טן יאר?

33. וואסער א פראצענט פרייסישע אידן האט געוואוינט אין 1910־טן יאר אין גרויס־בערלין?

קאפיטל 12.

# די אידן אין רומעניע.

די לאגע פון די אידן אין רומעניע איז אין א סך פרטים זעהר ענליך צו דער לאגע פון די אידן אין רוסלאנד און אין גאליציע. און אויך בנוגע צו דער געאגראפישער איינטיילונג, ווי אויך בנוגע צום וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג, געפינען מיר א סך אלגעמיינעס צווישן די דריי דערמאנטע לענדער.

אין רומעניע זיינען געווען אידן:

| | |
|---|---|
| אין 1859־טן יאר | 134 168 |
| „ 1899 „ „ | 266 652 |
| „ 1909 „ „ | 325 655*) |

נעמען מיר אן די דאטן פון 1859־טן יאר פאר 100, וועלן מיר באקומען, אז שפעטער מיט פערציג יאר איז געווארן פון די דאזיגע הונדערט נפשות — 199, און שפעטער מיט פופציג יאר — 242. אין פערציג יאר האט זיך די אידישע באפעלקערונג פארדאפלט, ווען די אלגעמיינע באפעלקערונג האט זיך פאר דער איינענער צייט פארגרעסערט נאר אויף 52,52 פראצענט.

רומעניע ווערט געטיילט אין פיר קאנטן, און די צאל אידן אין באזונדערע קאנטן איז שטארק פארשיידן. אין 1899־טן יאר זיינען געווען איינוואוינער:

| קאנט | די גאנצע באפעלקערונג | פון זיי אידן | פראַצענט פון אידן |
|---|---|---|---|
| מאלדאוויע | 1 848 122 | 196 752 | 10,6 |
| וואלאכיע | 2 659 517 | 60 760 | 2,3 |
| אלטעניע | 1 181 243 | 4 906 | 0,4 |
| דאברודזשע | 267 808 | 4 234 | 1,6 |
| **סך־הכל** | **5 956 690** | **266 652** | **4,5** |

מיר זעהען, אז ווען אין גאנץ רומעניע מאכן די אידן אוים 4,5 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג, אומגעפער דעם זעלבן פראצענט, וואס אין רוס־

*) בערכדיגע דאטן.

לאנד, באטרעפט דער פּראָצענט אידן אין מאָלדאַוויע ביז 10,6, זעהר נאָהענט צום פּראָצענט פון די אידן אינם תחום פון רוסלאַנד.

פון יעדע הונדערט אידישע נפשות האָבן געלעבט:

| | |
|---|---|
| 1. אין מאָלדאַוויע | 73,8 |
| 2. „ וואַלאַכיע | 22,8 |
| 3. „ אָלטאָניע | 1,8 |
| 4. „ דאָברודזשע | 1,6 |
| סך־הכל | **100,0** |

אין צוויי קאַנטן פון רומעניע האָבן געלעבט 96,6 פּראָצענט פון אַלע אידן פון דער דאָזיגער מלוכה.

אינטערעסאַנט איז דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די דאָזיגע צוויי קאַנטן, אין מאָלדאַוויע און וואַלאַכיע.

טאַבעלע XLV

## דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין מאָלדאַוויע.

| יאָר | די צאָל אידן | 1803=100 |
|---|---|---|
| 1803 | (*12 000 | 100 |
| 1820 | (*19 000 | 158 |
| 1831 | 37 000 | 308 |
| 1838 | 80 000 | 667 |
| 1859 | 118 922 | 991 |
| 1899 | 195 792 | 1632 |

פאַר ווייניגער פון הונדערט יאָר האָט זיך די באַפעלקערונג פון מאָלדאַוויע פאַרגרעסערט מער פון זעכצען מאָל. באַזונדערס שטאַרק איז געווען דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג פון 1831 ביז 1838־טן יאָר — אין זיבן יאָר האָט זי זיך פאַרדאָפּלט. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין

*) בערכדינע דאַטן.

יענע יארן זיינען אנגעקומען קיין מאלדאוויע א היפשע צאל אידן פון רוסלאנד און עסטרייך. פון מאלדאוויע האט זיך די אידישע באפעלקערונג אריבערגערוקט טיילווייז קיין וואלאכיע. אינם לעצטן קאנט איז געווען אין 1860־טן יאר ווייניגער פון צען טויזנט אידן, און אין 1899־טן יאר שוין מער פון זעכציג טויזנט.

אין וואסערע פונקטן וואוינען די רומענישע אידן?

פון יעדע הונדערט נפשות האבן געלעבט אין 1899־טן יאר:

| פונקטן | ביי דער גאנצער באפעל־קערונג | ביי אידן |
|---|---|---|
| דעפארטאמענט־שטעט | 13,34 | 72,27 |
| איבעריגע שטעט | 2,60 | 7,46 |
| אין דערפער | 84,06 | 20,27 |
| סך־הכל | **100,00** | **100,00** |

פון הונדערט אידן וואוינען אין שטעט 72,27 פראצענט, כמעט דריי פערטל, ווען ביי דער גאנצער באפעלקערונג וואוינען אין שטעט סך־הכל 13,34 — איין אכטל. אין דערפער וואוינען ביי דער גאנצער באפעלקערונג מער פון פיר פינפטל, און ביי אידן נאר איין פינפטל.

וואסער א פראצענט מאכן די אידן אויס לגבי דער גאנצער באפעלקערונג אין פארשיידענע וואוין־פונקטן?

אין גאנצן רומעניע מאכן די אידן אויס:

| | |
|---|---|
| אין דעפארטאמענט־שטעט | 20,2 |
| „ די איבעריגע שטעט | 11,9 |
| „ „ דערפער | 1,1 |

נעמען מיר אבער באזונדערע קאנטן, באקומען מיר גאר אן אנדער בילד. אין מאלדאוויע מאכן די אידן אויס:

| | |
|---|---|
| אין די דעפארטאמענט־שטעט | 38,2 |
| „ „ איבעריגע שטעט | 43,4 |

קומט אויס, אז אינם דאזיגן קאנט, וואס פארמאגט כמעט דריי פערטל פון אלע רומענישע אידן (73,8), האבן די אידן אין די הויפט־שטעט כמעט צוויי

פינפטל פון דער גאנצער שטאטישער באפעלקערונג, און אין די קלענערע שטעט מער פון צוויי פינפטל. אין וואלאכיע זיינען די אידן שוואכער אין די שטעט. אין די הויפט־שטעט מאכן די אידן אוים אין וואלאכיע — 11,9 פראצענט, און אין די איבעריגע שטעט גאר א קליינעם פראצענט — 1,5.

פון די געבראכטע ציפערן ווערט קלאר, אז די רומענישע אידן זיינען מערסטנטיילס שטאטישע איינוואוינער און אז אין די שטעט מאכן זיי אוים אזא גרויסן פראצענט, אז זיי מוזן דארטן שפילן א באדייטנדיגע ראלע. לאמיר איצט זעהען, ווי געדיכט זיינען קאנצענטרירט די רומענישע אידן.

טאבעלע XLVI

## די רומענישע אידן אין פארשיידענע טיפן קהלות (1899).

| קהלות | די צאל קהלות | די צאל אידן אין זיי | דער פראצענט פון אלע רומענישע אידן |
|---|---|---|---|
| מיט מער פון 10 טויזנט אידן | 5 | 124 156 | 46,6 |
| פון 5 ביז 10 טויזנט אידן | 7 | 46 648 | 17,5 |
| פון 1 ביז 5 טויזנט אידן | 16 | 37 431 | 14,0 |
| **ס"ה אין קהלות מיט מער פון טויזנט אידן** | 28 | 208 235 | **78,1** |

כמעט א גאנצע העלפט פון אלע רומענישע אידן (46,6) וואוינט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן; אין קהלות מיט מער פון טויזנט אידן וואוינע כמעט פיר פינפטל (78,1) פון אלע רומענישע אידן.

אין די צוויי גרעסטע אידישע קהלות אין רומעניע — אין בוקארעשט און יאסי — האבן געוואוינט אין 1899־טן יאר 80 021 אידן, ד. ה. 30,0 פראצענט פון אלע רומענישע אידן.

מיר האבן העכער שוין אנגעוויזן, וואס פאר א פראצענט אידן מאכן אוים אין די שטעט פון רומעניע. נעמען מיר נאר די שטעט, וואס פארמאגן מער פון טויזנט אידן, וועלן מיר באקומען, אז די אידן מאכן אוים:

1. מער פון 50 % אין 7 שטעט
2. פון 40 ביז 50 " " 5 "
3. " 20 " 40 " " 7 "
4. " 10 " 20 " " 5 "

מיר זעהען, אז בערך אין א גרויסער צאל שטעט האבן די אידן אן אבסאלוטע מערהייט — אין 7 שטעט פון 28. אין פינף שטעט האבן זיי מער פון צוויי פינפטל — מער פון פערציג פראצענט. אין יאסי פארמאגן די אידן אן אבסאָ־לוטע מערהייט — 50,8 פראצענט. אין בוקארעשט, פארקערט, מאכן די אידן אויס א קלענעם פראצענט — 14,7.

מיר װעלן נאך ברענגען אייניגע ציפערן, וואס וועלן באלייכטן דעם וואוקס פון די גרעסטע אידישע קהלות אין רומעניע.

אין יאסי זיינען געווען אידן:

| | |
|---|---|
| אין 1803־טן | 3 000 |
| „ 1831 „ | 17 032 |
| „ 1839 „ | 30 000 |
| „ 1859 „ | 31 000 |
| „ 1899 „ | 39 488 |

פאר װייניגער פון הונדערט יאר איז די יאסער אידישע קהלה אויסגעוואקסן מער פון דרייצען מאל. דער עיקר איז די דאזיגע קהלה אינטענסיװ געוואקסן אין די ערשטע דרייסיג יאר פון 19־טן יארהונדערט, ווען זי האט זיך פארגרעסערט צען מאל. פאר די לעצטע זעכציג יאר — פון 1839 ביז 1899־טן יאר — איז דער צוּוואקס געווען נאר א קליינער.

א סך אינטערעסאנטער איז דער וואוקס פון דער בוקארעשטער אידישער קהלה. אין 1820־טן יאר איז געווען אין בוקארעשט סך־הכל 127 אידישע משפחות, בערך 508 נפשות; אין 1831־טן יאר איז שוין געווען אין בוקארעשט — 594 משפחות אדער בערך 2376 נפשות; אין 1860־טן יאר 5934 נפשות און אין 1899 — 40 533 אידן. די בוקארעשטער אידישע קהלה איז איינגטליך ערשט אויסגעוואקסן אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יארהונדערט — זי האט זיך פארגרעסערט אין 39 יאר זיבן מאל.

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן אין רומעניע: אין 1859־טן יאר? אין 1899־טן? אין 1909־טן?
2. וויפיל אידן וואוינען: אין מאלדאוויע? אין וואלאכיע?
3. וואסער א פראצענט מאכן אידן אויס: אין מאלדאוויע? אין וואלאכיע?

4. וויפיל אידן זיינען געווען אין מאלדאוויע: אין 1803־טן? אין 1838־טן? אין 1899־טן?

5. וואסער א פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג וואוינט: אין דע־פארטאמענט־שטעט? אין דערפער?

6. וואסער א פראצענט אידן וואוינט אין דעפארטאמענט־שטעט? אין דערפער?

7. וואסער א פראצענט מאכן די אידן אויס לגבי דער גאנצער באפעלקע־רונג: אין דעפארטאמענט־שטעט? אין אנדערע שטעט? אין דערפער?

8. וואסער א פראצענט מאכן די אידן אויס אין די שטעט פון מאלדאוויע?

9. וואסער א חלק אידן וואוינט: אין קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידן? אין קהלות פון 5 ביז 10 טויזנט אידן? אין קהלות מיט מער פון טויזנט אידן?

10. אין וויפיל שטעט בילדן די אידן אן אבסאלוטע מערהייט?

11. וויפיל זיינען געווען אידן אין יאסי: אין 1803־טן יאר? אין 1899־טן?

12. וויפיל זיינען געווען אידן אין בוקארעשט: אין 1820־טן? 1860־טן? 1899־טן?

קאפּיטל 13.

# די אידן אין ענגלאנד.

מיר האָבן ביז אַהער אַלץ גערעדט װעגן לענדער, װאו דער אידישער ישוב צײלט אַ סך הונדערטער יאָרן, װאו די אײנגעפונדעװקײט און אײנגעװעסנקײט פון אידישע מאַסן װײזן אַרױס זײער אײנפלוס אױף אַלע זײטן פון אידישן לעבן און אין דעם כּלל אױך אױף דער געאָגראַפישער אײנטײלונג פון די אידן, אױף זײער באַװעגליכקײט און אױפן טעמפּ פון דער קאָנצענטראַציע. מיר גײען איצט איבער צו ענגלאַנד, צום ערשטן לאַנד, װאו דער אידישער ישוב, זײן גרעסטער טײל, איז נאָך גאָר אַ יונגער, צײלט סך־הכּל עטליכע צענדליג יאָר און געפינט זיך נאָך עד היום אין שטענדיגער אָפּהענגיגקײט פון די עמיגראַציע־כװאַליעס, װאָס אַט הױבן זײ זיך שטאַרק אױף און אַט פאַלן זײ. אין דעם װאוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ענגלאַנד, װי אױך אינם כאַראַקטער פון איר קאָנצענטראַציע אין גרױסע שטעט און אין גרױסע קהלות, װעלן מיר שױן געפינען די אַלע סמנים, װעלכע װײזן זיך באַזונדער בולט אַרױס אינם אידישן ישוב אין די פאַראײניגטע שטאַטן פון אַמעריקע.

אין ענגלאַנד איז צום אָנהױב פון 19־טן יאָרהונדערט געװען סך־הכּל קרוב צו אַכט טױזנט אידישע נפשות. אַ אידישע עמיגראַציע קײן ענגלאַנד האָט זיך אָנגעהױבן נאָך אַרום די 50־ער יאָרן פון פאַריגן יאָרהונדערט, װאָרום לױט די דאַטן פון 1871־טן יאָר איז שױן געװען אין ענגלאַנד עמיגראַנטן פון רוסלאַנד און פּױלן צען טױזנט נפשות. די גרעסטע מערהײט פון די דאָזיגע עמיגראַנטן איז באַשטאַנען פון אידן. צום אָנהױב פון די אַכציגער יאָרן איז געװען אין ענגלאַנד בײ 60 טױזנט אידן. אין 1911־טן יאָר איז שױן געװען אין ענגלאַנד 239 596 אידן. פאַר הונדערט יאָר איז די אידישע באַפעלקערונג אױסגעװאַקסן 42 מאָל. פאַר די לעצטע דרײסיג יאָר האָט זיך די צאָל אידן אין ענגלאַנד פאַרגרעסערט פיר מאָל.

לגבּי דער אַלגעמײנער באַפעלקערונג מאַכן די אידן אױס גאָר אַ נישטיגן פּראָצענט — סך־הכּל 0,58 פּראָצענט. דער גרעסטער רוב אָבער פון די ענגלישע אידן װאױנט אין אַ קלײנער צאָל שטעט, און אין די דאָזיגע שטעט מאַכן די אידן אױס אַ גרעסערן פּראָצענט, הגם אױך אין ערגיץ ניט קײן זעהר באַדײטנדיגן.

טײלן מיר אײן די אידישע קהלות פון ענגלאַנד לױט די טיפּן, װי מיר

האבן דאס געטאן בנוגע צו אנדערע לענדער, וועלן מיר באקומען פאלגנדיגע טאבעלע.

טאבעלע XLVII

## די ענגלישע אידן אין פארשיידענע טיפּן קהלות (1908).

| קהלות | די צאל קהלות | אבסאלוטע צאל אידן | פראצענט פון אלע ענגלישע אידן |
|---|---|---|---|
| מיט מער פון 10 טויזנט אידן | 3 | 180 000 | 81,8 |
| פון 5 ביז 10 טויזנט אידן | 2 | 14 500 | 6,6 |
| פון טויזנט ביז 5 טויזנט אידן | 7 | 14 625 | 6,7 |
| **ס"ה אין קהלות מיט מער פון טויזנט אידן** | **12** | **209 125** | **95,1** |

מער פון פיר פינפטל פון אלע ענגלישע אידן וואוינען אין דריי קהלות, וואס פארמאגן יעדע מער פון צען טויזנט אידישע נפשות. אין דער איינער שטאט לאנדאן האט געוואוינט אין 1908־טן יאר 142 000 אידן, וואס ס׳האט אויסגעמאכט 64,5 פראצענט פון אלע דעמאלטיגע ענגלישע אידן. נאך לאנדאן גייט מאנשעסטער מיט 23 000 אידן (1908) און לידס מיט 15 000 אידן אין דעם זעלבן יאר. אין גלאזגא זיינען געווען 7 500 און אין ליווערפול — 7 000 אידן אין 1908־טן יאר.

לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן די אידן אויסגעמאכט (1908):

1. אין לאנדאן 3,0 %
2. „ מאנשעסטער „ 3,6
3. „ לידס „ 3,2
4. „ גלאזגא „ 0,9
5. „ ליווערפול „ 0,9

## פראגעס.

1. מיט וואס שיידט זיך אפּ דער אידישער ישוב אין ענגלאנד פון אלע איבעריגע אידישע ישובים, וואס מיר האבן באטראכט ביז אהער?

2. וויפיל זיינען געווען אידן אין ענגלאנד: אין אנהויב פון 19־טן יאר־הונדערט? צום אנהויב פון די אכטציגער יארן? אין 1911־טן?

3. וואסער א טייל פון די ענגלישע אידן וואוינט: אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות? אין קהלות מיט מער פון טויזנט אידישע נפשות?

4. וויפיל זיינען געווען אידן אין 1908־טן יאר אין לאָנדאָן? אין מאנ־שעסטער? אין לידס?

5. וואסער א פּראצענט לגבי דער גאנצער באפעלקערונג האבן די אידן אויסגעמאכט: אין לאנדאן? אין מאנשעסטער? אין לידס?

קאפיטל 14.

# די אידן אין האלאנד.

ווענן די האלענדישע אידן זיינען פאראן א סך מער ידיעות אין אלע פרטים — און ידיעות, וואס פארדינען גרויסן צוטרוי —, ווי ווענן די אידן אין ענגלאנד, וואו ביי די פאלקס־ציילונגען ווערן ניט אנגעוויזן ניט דער נאציאנאלער, ניט דער רעליגיעזער מאמענט.

טאבעלע XLVIII

## דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין האלאנד.

| יאר | אבסאלוטע צאל אידן | פראצענט אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג | 1829=100 |
|---|---|---|---|
| 1829 | 46 408 | 1,77 | 100 |
| 1849 | 58 626 | 1,94 | 126 |
| 1869 | 68 003 | 1,89 | 147 |
| 1889 | 97 324 | 2,15 | 209 |
| 1899 | 103 988 | 2,03 | 224 |
| 1909 | 106 409 | 1,82 | 229 |

פאר אכטציג יאר האט זיך די אידישע באפעלקערונג פון האלאנד אביסל מער ווי פארדאפלט. פון יעדע הונדערט נפשות אין 1829־טן יאר איז געווארן ביז 1909־טן — 229, א צוואוקס זעהר א שוואכער. דער צוואוקס ביי די האלענדישע אידן איז געוועזן דער שטארקסטער פון 1869 ביז 1889 — ד'עמאלט, ווען די שטארבליכקייט איז ביי די האלענדישע אידן שוין געהאט גענוג געפאלן, און די צאל געבורטן איז נאך געוועזן בערך א גרויסע. אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט, ווען די געבורטן זיינען שטארק געפאלן ביי די האלענדישע אידן, איז דער צוואוקס געווארן גאר א קליינער.

דער פראצענט אידן לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג האט זיך פאר די גענומענע אכטציג יאר כמעט ניט געביטן — אין 1829־טן האבן די אידן אויסגעמאכט 1,77 און אין 1909־טן — 1,82 פראצענט. דעם העכסטן פראצענט האבן די אידן אין האלאנד דערגרייכט אין 1889־טן יאר — 2,15; פון

דעם לעצטן יאר אָן האלט דער פראצענט פון די אידן אין האלאנד אין איין פאלן.

דער גרעסטער פראצענט פון די האלענדישע אידן וואוינט אין גרויסע שטעט און אין גרויסע קהלות. לאמיר צו ערשט זעהען דעם חלוק צווישן דער אל־געמיינער און צווישן דער אידישער באפעלקערונג בנוגע צו דער קאנצענטראציע אין גרויסע שטעט.

טאבעלע XLIX

## די גאנצע און די אידישע באפעלקערונג אין פארשיידענע טיפן וואוינ־ערטער (1909).

| פונקטן מיט איינוואוינער | די גאנצע באפעלקערונג: אבסאלוטע צאל | די גאנצע באפעלקערונג: % פ. ד. גאנצ. באפ. | די אידן: אבסאלוטע צאל | די אידן: % פון אלע אידן |
|---|---|---|---|---|
| מער פון 100 טויזנט | 1 374 406 | 23,4 | 78 388 | 73,6 |
| פון 50 ביז 100 „ | 371 503 | 6,4 | 5 686 | 5,3 |
| פון 10 ביז 50 „ | 1 337 778 | 22,9 | 12 580 | 11,7 |
| פון 5 ביז 10 „ | 1 034 920 | 17,7 | 5 784 | 5,7 |
| ווייניגער פון 5 „ | 1 739 548 | 29,6 | 3 971 | 3,7 |
| **סך־הכל** | **5 858 155** | **100,0** | **106 409** | **100,0** |

פון דער דאזיגער טאבעלע זעהען מיר, אז ביי אידן וואוינען אין גאר גרויסע שטעט (מיט מער פון 100 טויזנט איינוואוינער) כמעט דריי פערטל (73,6) פון אלע האלענדישע אידן, ווען ביי דער גאנצער באפעלקערונג וואוינען אין אזעלכע פונקטן סך־הכל ווייניגער פון איין פערטל (23,4). אין גאר קליינע פונקטן (מיט ווייניגער פון פינף טויזנט איינוואוינער) וואוינט ביי דער גאנצער באפעלקערונג כמעט א דריטל (29,6) און ביי אידן סך־הכל איין דרייסיגטל (3,7).

אויף וויפיל ס'איז געגאנגען פאר די לעצטע צענדליגער יארן די קאנצענ־טראציע פון די אידן אין גרויסע שטעט, זעהט מען פון פאלגנדיגע ציפערן. פון יעדע הונדערט נפשות האבן געלעבט:

| פונקטן מיט איינוואוינער | ביי דער גאנצער באפעלקערונג | | ביי אידן | |
|---|---|---|---|---|
| | 1869 | 1899 | 1869 | 1899 |
| מער פון 20 טויזנט | 30,86 | 36,75 | 73,82 | 82,20 |
| ווייניגער פון 20 „ | 69,14 | 63,25 | 26,18 | 17,80 |
| סך־הכל | 100,00 | 100,00 | 100,00 | 100,00 |

שוין אין 1869־טן יאר זיינען אידן געווען א סך מער קאנצענטרירט אין גרויסע שטעט, ווי די אלגעמיינע באפעלקערונג. ביי אידן זיינען דעמאלט געווען אין שטעט מיט מער פון 20 טויזנט איינוואוינער 73,82 פראצענט און ביי דער אלגעמיינער באפעלקערונג סך־הכל 30,86 פראצענט, דריטהאלבן מאל ווייניגער. אין 1899־טן יאר איז שוין ביי אידן געווען אין די גרעסערע פונקטן 82,20 פראצענט און אין קליינע (ווייניגער פון 20 טויזנט איינוואוינער) נאר 17,80 פראצענט. ביי דער גאנצער באפעלקערונג זיינען געווען די אנטשפרעכנדיגע דאטן 36,75 און 63,25.

קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות זיינען געווען סך־הכל צוויי — אמסטערדאם מיט 59 065 אידן (1899) און ראטערדאם מיט 10 טויזנט אידישע נפשות (1900). אין די דאזיגע צוויי קהלות זיינען געווען קאנצענטרירט אקוראט צוויי דריטל פון אלע האלענדישע אידן.

צוריק מיט הונדערט יאר איז די אמסטערדאמער אידישע קהלה געווען די גרעסטע אין דער גאנצער וועלט — זי איז געווען די איינציגע, וואס האט שוין דעמאלט געהאט מער פון 20 טויזנט אידן. די אנטוויקלונג פון דער אמסטערדאמער אידישער קהלה ווערט באלויכט אין דער טאבעלע L.

נעמען מיר דעם גאנצן פעריאד — פון 1796 ביז 1899־טן יאר — באקומט זיך, אז די אמסטערדאמער קהלה האט זיך פארגרעסערט סך־הכל דריטהאלבן מאל. פאר די ערשטע דרייסיג יאר האט זיך די דאזיגע קהלה אפילו פארקלענערט אויף 9 פראצענט; נאכדעם האלט זי דוקא אין איין וואקסן, נאר דאס קומט פאר זעהר לאנגזאם. נאר די צען יאר פון 1879 ביז 1889־טן יאר צייכענען זיך אויס מיט א מער אינטענסיוון צוּוואקס.

לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג האט זיך די לאגע פון דער אמסטערדאמער קהלה פארן גאנצן יארהונדערט כמעט ניט געביטן — אין 1796־טן

יאר האבן די אידן אויסגעמאכט 11,74 פראצענט און און 1899־טן — 11,56 פראצענט.

טאבעלע L

## דער וואוקס פון דער אידישער קהלה אין אמסטערדאם.

| יאר | די אבסאלוטע צאל אידן | % פון דער גאנ־צער באַ־פעלקערונג | 1796=100 |
|---|---|---|---|
| 1796 | 23 549 | 11,74 | 100 |
| 1826 | 21 498 | 10,70 | 91 |
| 1859 | 26 725 | 11,08 | 113 |
| 1879 | 40 318 | 12,71 | 171 |
| 1889 | 54 479 | 13,35 | 231 |
| 1899 | 59 065 | 11,56 | 251 |

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן אין האלאנד: אין 1829־טן? אין 1909־טן?

2. וואסער א פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג וואוינט: אין גאר גרויסע שטעט (מיט מער פון 100 טויזנט איינוואוינער)? אין גאר קליינע פונקטן (ווייניגער פון 5 טויזנט איינוואוינער)?

3. וואסער א פראצענט פון די אידן וואוינט: אין גאר גרויסע שטעט? אין גאר קליינע פונקטן?

4. וואסער א פראצענט האלענדישע אידן וואוינט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן?

5. וואסער אן ארט האט אמסטערדאמער קהלה פארנומען ביי אידן צוריק מיט הונדערט יאר?

6. וויפיל זיינען געווען אידן אין אמסטערדאם: אין 1796־טן? אין 1826־טן? אין 1879־טן? אין 1899־טן?

## קאפיטל 15.

# די אידן אין פראנקרייך, בעלגיע און אנדערע אייראפּייאישע מלוכות.

מיר האבן ביז אהער גערעדט וועגן די אידן פון די לענדער און מלוכות אין אייראפּע, וואו ס'זיינען פאראן מער פון 100 טויזנט אידן, חוץ דער אייראַפּייאישער טערקיי, וועלכע וועט באהאנדעלט ווערן שפּעטער. איצט איז אונז נאך געבליבן זיך אפּשטעלן אויף די קליינע גרופּעס אידן, וואס געפינען זיך אין די איבעריגע אייראפּייאישע מלוכות.

מיר הויבן אן פון פראנקרייך, הגם וועגן די אידן פונם דאזיגן לאנד זיינען פאראן נאר ווייניג סטאטיסטישע ידיעות. ערב דער מלחמה איז געווען אין פראנקרייך בערך הונדערט טויזנט אידן, פון וועלכע 75 טויזנט האבן געלעבט אין פּאַריז. וועגן דער אנטוויקלונג פון דער אידישער קהלה אין פּאריז זיינען פאראן אייניגע דאטן. אין סאמע אנהויב פון 19־טן יארהונדערט איז אין פּאריז געווען קרוב צו דריי טויזנט אידן; אין 1819־טן יאר — זיבן טויזנט; אין 1865־טן — דרייסיג טויזנט; אין 1904־טן יאר — זעכציג טויזנט און אין 1914־טן — 75 טויזנט אידן. פאר הונדערט יאר איז די אידישע קהלה אין פּאריז אויסגעוואקסן מער פון 25 מאל. דער וואוקס פון דער פּאריזער אידישער קהלה איז בעגאנגען דער־עיקר ניט אויפן חשבון פון די ארטיגע פראנצויזישע אידן, נאר מער אויפן חשבון פון דער עמיגראציע פון אנדערע לענדער. ראשית, האבן עמיגרירט קיין פּאריז בערך א סך אידן פון עלזאס־לאָטאַרינגיע, נאכדעם ווי די דאזיגע פּראווינצן זיינען אריבערגעגאנגען צו דייטשלאנד נאך דער מלחמה פון 1871־טן יאר; נאר נאך א גרעסערע איינוואנדערונג איז געגאנגען פון עסטרייך און רוסלאנד, פאר וועלכע פּאריז איז געווארן א מין טראנזיט־פּונקט אויפן וועג קיין אמעריקע. דער גרויסער עמיגראציע־שטראם פון עסטרייך און רוסלאנד האט אויף זיין וועג געלאזט רעשטלאך אין פּאריז, און די דאזיגע רעשטלאך האבן שטארק פארגרעסערט די פּאריזער אידישע קהלה פאר די לעצטע דרייסיג יאר.

אין בעלגיע זיינען פאראן ביז 50 טויזנט אידן. די גרעסטע קהלה איז אין אנטווערפּן, וואו ס'איז פאראן א גרויסע קאלאניע פון רוסישע און עסטרייכישע אידן. אין אנטווערפּן איז געווען אין 1849־טן יאר 75 אידישע משפּחות אדער בערך דריי הונדערט אידישע נפשות; אין 1900־טן יאר איז אין דער דאזיגער שטאט געווען ביז 8000 אידן און אין 1913־טן ביז 12 000. די צווייטע גרויסע

קהלה אין בעלגיע געפינט זיך אין בריוסעל, וואו אין 1890־טן יאר איז געווען פאררעגיסטרירט 150 אידישע משפחות אדער בערך 600 אידישע נפשות און אין 1907־טן יאר איז געווען דארט 6000 אידן. אויך אין בריוסעל מאכן אויס די עמיגראנטן פון רוסלאנד און עסטרייך א גאנץ גרויסן טייל פון דער קהלה.

אין דענעמארק איז געווען אידן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין 1840־טן יאר | 3 839 | נפשות | 0,29 % |
| „ 1860 „ „ | 4 241 | „ | 0,26 „ |
| „ 1880 „ „ | 3 946 | „ | 0,20 „ |
| „ 1900 „ „ | 3 476 | „ | 0,14 „ |
| „ 1911 „ „ | 5 164 | „ | 0,18 „ |

מיר זעהען, אז פון 1840־טן ביז 1900־טן יאר האט זיך די אידישע באַפעלקערונג פון דענעמארק אי אבסאלוט, אי רעלאטיוו פארקלענערט. און נאר אין די לעצטע צען יאר — פון 1900 ביז 1910־טן — האט זיך די צאל אידן אביסל פארגרעסערט איןביידע פרטים. דאס דערקלערט זיך ניט מיטן ארגאנישן וואקסן פון די אידן פון דענעמארק, נאר מיט דעם, וואס פאר די אנגעוויזענע צען יאר איז אנגעקומען קיין דענעמארק א קליינע גרופע אידישע עמיגראנטן פון רוסלאנד און עסטרייך.

אין קאפענהאגן, אין דער הויפט־שטאט פון דענעמארק, זיינען געווען אידן:

| | |
|---|---|
| אין 1880־טן יאר | 3 030 |
| „ 1890 „ „ | 3 264 |
| „ 1901 „ „ | 2 826 |

אין די ערשטע צען יאר פון 20־טן יארהונדערט האט זיך די אידישע קהלה אין קאפענהאגן אביסל פארגרעסערט, נאר אויסשליסליך אדאנק דער איינוואַנדערונג פון רוסישע אידן. בכלל קאן מען פעסט זאגן, אז דאס ביסל אידן אין דענעמארק וואלט גיך פארשוואונדן געווארן אדאנק די שמדן און געמישטע חתונות, ווען ניט די אפפרישונג, וואס די עמיגראנטן האבן אריינגעטראגן די לעצטע יארן.

מיר לאזן דורך די איבעריגע צפון־לענדער פון אייראפע, וואו די צאל אידן איז ווייניגער פון פינף טויזנט נפשות, און גייען איבער צו דער שווייץ.

אין דער שווייץ זיינען געווען אידן:

| | | |
|---|---|---|
| אין 1850־טן יאר | 3 145 | 0,13 % |
| „ 1870 „ „ | 6 996 | 0,26 „ |
| „ 1888 „ „ | 8 069 | 0,28 „ |

אין 1900־טן יאר 12 264 0,37 %

„ 1910 „ „ 19 023 0,51 „

פאר 60 יאר האט זיך די צאל אידן פארגרעסערט במעט זעקס מאל. דער דאזיגער בערך גרויסער צוואקס איז ארויסגערופן אין א גרויסער מאס דורך דער עמיגראציע פון עסטרייך און רוסלאנד. ס'איז ניטא אין דער שווייץ קיין איין שטאט, וואו מיר זאלן ניט טרעפן א גרעסערע אדער קלענערע אידישע עמיגראנטן־קהלה. חוץ די עמיגראנטן, וואס קומען אין דער שווייץ, כדי זיך באזעצן און בלייבן דארטן, מוז מען נאך צוגעבן די אידישע סטודענטן פון רוסלאנד, וואס מאכן אויס גאר ניט קיין קליינעם פראצענט פון אלע שווייצארישע אידן. כדי צו האבן א פארשטעלונג, ווי גרויס ס'איז די צאל פרעמדע אידן אין דער שווייץ, וועלן מיר ברייננגען אייניגע ציפערן.

אין 1900־טן יאר זיינען געווען:

| קאנטאן | ארטיגע אידן | אויס־לענדישע אידן | אויף 100 אר־טיגע זיינען געווען אויס־לענדישע |
|---|---|---|---|
| ציוריך | 1066 | 1867 | 175 |
| בערן | 470 | 1073 | 228 |
| באזעל | 859 | 1038 | 121 |
| גענף | 274 | 875 | 319 |
| וואַאַדט | 373 | 703 | 189 |
| אַארגאַאו | 754 | 236 | 31 |
| סט־גאלן | 282 | 274 | 97 |
| לוצערן | 172 | 147 | 85 |
| סך־הכל | 4250 | 6213 | 146 |

מיר זעהען, אז אין דער מערהייט קאנטאנען זיינען די אויסלענדישע אידן מער פון די ארטיגע. אין איין קאנטאן איז אויף יעדן ארטיגן אידן פאראן דריי פרעמדע (גענף); אין בערן איז אויף יעדן היימישן אידן פאראן מער פון צוויי אנגעקומענע. אין אלע אכט געבראכטע קאנטאנען, וואס האבן געהאט אין 1900־טן יאר 85 פראצענט פון אלע שווייצארישע אידן, איז אויסגעקומען אויף 100 ארטיגע שווייצארישע אידן 146 אנגעקומענע.

אין איטאליע זיינען געווען אידן:

| | | |
|---|---|---|
| אין 1871־טן יאר | 35 356 | 0,13 % |
| „ „ „ 1901 | 35 617 | 0,10 „ |
| „ „ „ 1911 | 43 924 | 0,12 „ |

פאר די ערשטע דרייסיג יאר — פון 1871־טן ביז 1901־טן — האט זיך די צאל אידן כמעט ניט געביטן; אין די לעצטע צען יאר איז שוין געווען בערך א באדייטנדיגער צוּוואקס — 23 פראצענט. די אידן וואוינען אין איטאליע כמעט אויסשליסליך אין שטעט. די גרעסערע קהלות זיינען פאלגנדיגע (1900):

| | | |
|---|---|---|
| רוים | 7 121 | אידן |
| מיילאנד | 3 012 | „ |
| טורין | 2 828 | „ |
| פלארענץ | 2 776 | „ |
| ליוואָרנאָ | 2 487 | „ |
| ווענעדיג | 2 474 | „ |
| סך־הכל | 20 698 | „ |

אין די אויסגערעכנטע זעקס קהלות האבן געלעבט 58 פראצענט פון אלע איטאליענישע אידן.

אין בולגאריע זיינען געווען אידן:

| | | |
|---|---|---|
| אין 1881־טן יאר | 14 342 | 0,72 % |
| „ „ „ 1892 | 28 307 | 0,86 „ |
| „ „ „ 1900 | 33 663 | 0,90 „ |
| „ „ „ 1905 | 37 656 | 0,93 „ |
| „ „ „ 1910 | 40 118 | 0,93 „ |

אין דרייסיג יאר — פון 1881 ביז 1910־טן — האט זיך די צאל פון די בולגארישע אידן כמעט דריי מאל פארגרעסערט. די גאנצע באפעלקערונג האט זיך פאר דער אייגענער צייט נאר פארדאפלט. דערמיט דערקלערט זיך, וואס אין 1881־טן יאר האבן אידן אויסגעמאכט 0,72 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג און אין 1910־טן — 0,93.

פון 100 אידן האבן געוואוינט אין שטעט אין 1905־טן יאר 95,8, ווען ביי דער גאנצער באפעלקערונג נאר 20 פון הונדערט. אין דער איינער שטאט סאפיא איז געווען אין 1905־טן יאר 10 703 אידן, כמעט א דריטל פון אלע

בולגארישע אידן. די איבעריגע אידן וואוינען מערסטנטיילס אין קהלות, וואס ציילן פון טויזנט ביז צוויי טויזנט אידן.

אין בולגאריע, מוז מען צוגעבן, וואוינען כמעט נאר ספרדישע אידן. אזוי האבן אנגעגעבן שפאניאליש פאר זייער מוטער־שפראך אין 1900־טן יאר 96,76 פראצענט פון אלע בולגארישע אידן.

אין באסניע און הערצאגעווינע זיינען געווען אידן:

| | | |
|---|---|---|
| אין 1879־טן יאר | 3 426 | 0,29 % |
| „ 1885 „ „ | 5 805 | 0,43 „ |
| „ 1895 „ „ | 8 213 | 0,52 „ |
| „ 1910 „ „ | 11 868 | 0,62 „ |

פאר 31 יאר האט זיך די אידישע באפעלקערונג פון באסניע און הערצא־געווינע מער ווי דריי מאל פארגרעסערט. פאר דער אייגענער צייט האט זיך די גאנצע באפעלקערונג פארגרעסערט נאר אויף 68 %.

די אידן זיינען באשטאנען אין 1910־טן יאר פון 8219 ספרדישע (70 פראצענט) און 3649 אנדערע אידן (30 פראצענט).

די אידן זיינען כמעט אויסשליסליך שטאט־שע איינוואוינער. און ווען ביי דער גאנצער באפעלקערונג וואוינען אין שטעט קוים 15 פראצענט, האבן די אידן געגעבן 94 פראצענט שטאטישע איינוואוינער (1910).

אין דער הויפט־שטאט סאראיעווא האט געוואוינט אין 1910־טן יאר — 6 397 אידן אדער 54 פראצענט פון אלע אידן פון באסניע און הערצאגעווינע. לגבי דער גאנצער באפעלקערונג האבן די אידן אין סאראיעווא אויסגעמאכט — 12,32 פראצענט.

אין סערביע איז געווען אידן:

| | |
|---|---|
| אין 1895־טן יאר | 5 102 |
| „ 1900 „ „ | 5 729 |

כמעט אלע אידן — חוץ דריי אידן — וואוינען אין שטעט. לויט די דאטן פון 1895־טן יאר האבן מער פון אכטציג פראצענט פון די סערבישע אידן גערעדט שפאניאליש; „דייטש" — אין אמתן אידיש — מער פון 12 פראצענט און סערביש סך־הכל 2,7. די דאטן פון 1900־טן יאר געבן אבער שוין גאר אן אנדער בילד — שפאניאליש ריידן שוין סך־הכל 27 פראצענט; „דייטש" —

8 פראצענט און סערביש — 46 פראצענט, כמעט א העלפט פון אלע ספרדישע אידן. אזא גיכע אסימילאציע איז בכלל ניט מעגליך און די דאטן פון 1900־טן יאר רופן ארויס גרויסע ספקות.

ווען די קליינטשקע גרופקעס אידן אין אייניגע לענדער פון אייראפע, ווי גריכנלאנד, שפאניע, פארטוגאל און אנדערע, זיינען פאראן אזוי ווייניג סטאטיסטישע ידיעות, אז ס'לוינט ניט אויף זיי זיך אפשטעלן.

## פראגעס.

1. וויפיל אידן זיינען פאראן: אין פראנקרייך? אין פאריזש?

2. וויפיל אידן זיינען געווען אין פאריזש: אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט? אין 1865־טן יאר? אין 1904־טן? אין 1914־טן?

3. וויפיל זיינען פאראן אידן אין בעלגיע? אין אנטווערפן? אין בריוסעל?

4. וויפיל זיינען געווען אידן אין דענעמארק: אין 1840־טן? אין 1880־טן? אין 1900־טן? אין 1911־טן?

5. פארוואס האט זיך אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט פארגרעסערט די באפעלקערונג פון דענעמארק?

6. וויפיל זיינען געווען אידן אין קאפענהאגן: אין 1880־טן? אין 1901־טן?

7. וויפיל זיינען געווען אידן אין דער שווייץ: אין 1850־טן? אין 1888־טן? אין 1900־טן? אין 1910־טן?

8. פארוואס האט זיך פאר די לעצטע צען יאר פארגרעסערט די שווייצארישע אידישע באפעלקערונג?

9. וויפיל זיינען דא אויסלענדישע אידן אויף הונדערט ארטיגע: אין קאנטאן גענף? אין קאנטאן בערן? אין קאנטאן ציוריך? אין קאנטאן ארגאאו?

10. וויפיל זיינען געווען אידן אין איטאליע: אין 1871־טן? אין 1901־טן? אין 1911־טן?

11. וויפיל זיינען געווען אידן אין 1900־טן יאר: אין רוים? אין מיילאנד?

12. וויפיל זיינען געווען אידן אין בולגאריע: אין 1881־טן? אין 1900־טן? אין 1910־טן?

13. וואסער א פראצענט בולגארישע אידן וואוינט אין שטעט?

14. וואסערע אידן וואוינען אין בולגאריע?

15. וויפיל זיינען געווען אידן אין באסניע און הערצאגעווינע: אין 1879־טן? אין 1895־טן? אין 1910־טן?

16. וויפיל פון זיי זיינען געווען ספרדישע?

17. וויפיל אידן זיינען געווען אין סערביע: אין 1895־טן? אין 1900־טן?

18. וואסער א פראצענט סערבישע אידן וואוינט אין שטעט?

19. וואסער א פראצענט סערבישע אידן האט גערעדט שפאניאליש אין 1895־טן?

קאפיטל 16.

## די אידן אין די פאראייניגטע שטאטן פון אמעריקע.

דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין די פאראייניגטע שטאטן פארן 19־טן יארהונדערט, בפרט אין לעצטן פערטל זיינעם, איז געווען אזא קאלאסאלער, אז זיינגלייכן האבן מיר ניט אין דער געשיכטע. דער דאזיגער וואוקס איז ארויסגערופן געווארן דורך דער עמיגראציע, וואס האט אריבער־געווארפן פון די אלטע אידישע ישובים הונדערטער טויזנטער אידישע נפשות אויף יענער זייט ים. די עמיגראציע קיין אמעריקע אין 19־טן יארהונדערט ווערט גע־טיילט אין דריי פעריאדן. אין די ערשטע דרייסיג יאר פון 19־טן יארהונדערט פארן קיין אמעריקע דער־עיקר ספרדישע אידן פון האלאנד און ענגלאנד אין דעמאלט פארן הונדערטער; פון די דרייסיגער ביז די זיבעציגער יארן עמיגרירן קיין אמעריקע — דייטשע אידן, און די עמיגראציע פארכאפט שוין טויזנטער און צענדליגער טויזנטער אידישע נפשות; פון די 70־ער יארן הויבן אן עמיגרירן קיין אמעריקע די אידישע מאסן פון רוסלאנד און עסטרייך (גאליציע), און די עמי־גראציע דערגרייכט אין די הונדערטער טויזנט. די פאלגנדיגע טאבעלע ווייזט אונז: דעם וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין די פאראייניגטע שטאטן.

טאבעלע LI

דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין די פאראייניגטע שטאטן

| יאר | די צאל אידן | 1818=100 |
|---|---|---|
| 1818 | 3 000 | 100 |
| 1824 | 6 000 | 200 |
| 1840 | 15 000 | 500 |
| 1848 | 50 000 | 1 666 |
| 1880 | 230 000 | 7 666 |
| 1888 | 400 000 | 13 333 |
| 1897 | 937 000 | 31 233 |
| 1907 | 1 777 185 | 59 240 |
| 1910 | 2 044 762 | 68 156 |
| 1917 | 3 012 141 | 100 404 |

פון דריי טויזנט אין 1818־טן יאר איז די אידישע באפעלקערונג אויס־געוואקסן ביז מער פון דריי מיליאן אין 1917־טן יאר — זי האט זיך אלזא פארגרעסערט מער פון טויזנט מאל. מיר מוזן צוגעבן, אז די דאַטן פון 1917־טן יאר, וועלכע ס׳ווייזט אן דאס אמעריקאנער „נייע אידישע יאר־בוך“, זיינען, לויט אונזער מיינונג, אביסל איבערטריבן. פאר זיבן יאר — פון 1910 ביז 1917־טן — האט ניט געקאנט צוקומען כמעט א מיליאן אידן. נאר רעכענען מיר אפילו, אז איז דער אמתן איז אין די פאראייניגטע שטאטן געווען אין 1917־טן בערך ביי 2 600 000 אידן, וועלן מיר אויך קומען צום אויספיר, אז פאר הונדערט יאר האט זיך די אידישע באפעלקערונג פארגרעסערט כמעט ניין הונדערט מאל, ווען די גאנצע באפעלקערונג האט זיך פאר דער זעלבער צייט פארגרעסערט ניט מער פון צוואנציג מאל, פון פינף מיליאן אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט ביז 100 מיליאן אין 1915־טן יאר.

נעמען מיר באזונדערע פעריאדן פון 19־טן יארהונדערט, זעהען מיר, אז פון די אכטציגער יארן ווערט די פארגרעסערונג באזונדער קאלאסאל. פאר די ערשטע 20 יאר — פון 1818 ביז 1840־טן יאר — קומט צו יערליך סך־הכל 545 אידן; פון 1840 ביז 1880 — קומט צו יערליך 5 375; פון 1880 ביז 1897 קומט שוין צו יערליך — 41 588; און פון 1897 ביז 1910 קומט שוין צו דורכשניטליך יעדער יאר — 85 312.

פארגלייכן מיר דעם וואוקס ביי דער אידישער באפעלקערונג מיט דעם וואוקס ביי דער גאנצער באפעלקערונג פאר דרייסיג יאר — פון 1880 ביז 1910.

| יאר | די גאנצע באפעלקערונג | | אידן | |
|---|---|---|---|---|
| | אבסאלוטע צאל | צוואקס אין % | אבסאלוטע צאל | צוואקס אין % |
| 1880 | 50 156 000 | — | 230 000 | — |
| 1910 | 92 175 000 | 83,8 | 2 044 762 | 789,0 |

ביי דער גאנצער באפעלקערונג איז געווען דער צוואקס פאר דרייסיג יאר 83,8 פראצענט און ביי די אידן 789 פראצענט, כמעט צען מאל מער.

לגבי דער גאנצער באפעלקערונג האבן אידן אויסגעמאכט:

אין 1818־טן יאר 0,06 %

אין 1880־טן יאר 0,45 %
„ 1910 „ „ 2,19 „

פאר דער גאנצער צייט האט זיך דער פראצענט פון די אידן לגבי דער גאנצער באפעלקערונג פארגרעסערט 36 מאל; פאר די לעצטע דרייסיג יאר — פון 1880 ביז 1910 — האט זיך דער דאזיגער פראצענט פארגרעסערט פינף מאל.

אין אמעריקע חזרט זיך איבער, נאר נאך אין אן אויסגעשפראכענער פארם דאס, וואס מיר האבן געזעהן אין רוסלאנד און אין עסטרייך. די אידן זיינען טאקי בנמצא אין אלע ווינקעלאך פון די פאראייניגטע שטאטן, ניטא קיין איין שטאט פון אלע פופציג, ווי פארווארפן און ווייט פון די צענטערן ער זאל ניט ליגן, וואוהין אידן זאלן ניט אנשפארן. דער רוב מנין אבער פון די אמעריקאנער אידן איז קאנצענטרירט אין עטליכע שטאטן, און די טענדענץ צו צונויפנעמען זיך אין געדיכטע מאסן אין איניגע באשטימטע שטאטן ווערט וואס ווייטער שטארקער און אינטענסיווער.

טאבעלע LII

### די אידן אין באזונדערע שטאטן פון אמעריקע (1907).

| שטאט | די גאנצע באפעלקערונג | די אידישע באפעלקערונג | פראצענט פון די אידן | פראצענט פון אלע אידן פון די שטאטן |
|---|---|---|---|---|
| ניו־יארק | 7 268 894 | 905 000 | 12,3 | 50,9 |
| פענסילוואניע | 6 302 000 | 150 000 | 2,4 | 8,4 |
| אילינויס | 4 821 550 | 110 000 | 2,3 | 6,2 |
| מאסאשוזעטס | 2 805 346 | 90 000 | 3,2 | 5,1 |
| אָגאַיאָ | 4 157 545 | 85 000 | 2,0 | 4,8 |
| ניו־דזערסע | 1 883 669 | 70 000 | 3,7 | 3,9 |
| מיסורי | 3 106 665 | 52 000 | 1,7 | 2,9 |
| קאַליפאָרניע | 1 285 053 | 42 000 | 3,3 | 2,4 |
| מערילאנד | 1 188 044 | 41 000 | 3,5 | 2,3 |
| קאָנעקטיקוט | 908 420 | 22 000 | 2,4 | 1,2 |
| סך־הכל | 33 727 186 | 1 567 000 | 4,6 | 88,2 |

אט די דאזיגע טאבעלע ווייזט אונז, אז אין צען שטאטן געפינען זיך 88,2

פּראָצענט פון אַלע אידן פון די שטאַטן, און אין אַלע איבעריגע פערציג שטאַטן זיינען געבליבן ווייניגער פון 12 פּראָצענט, נאָר איין אַכטל. און דאָס איז געווען אין 1907־טן יאָר; פאַר דער צייט, וואָס איז פון דעמאָלט אַוועק, האָט די קאָנ־צענטראַציע דערגרייכט נאָך אַן העכערע מדרגה. אין צען שטאַטן האָבן געלעבט 88,2 פּראָצענט פון אַלע אידן פון די פאַראייניגטע שטאַטן; קוקן מיר זיך אָבער ווייטער צו צו דער נאָר וואָס געבראַכטער טאַבעלע, באַמערקן מיר באַלד, אַז אין איין שטאַט ניו־יאָרק האָט זיך געפונען אין 1907־טן יאָר מער פון אַ העלפט (50,9%) פון אַלע אידן פון די פאַראייניגטע שטאַטן. ביי היינטיגן מאָמענט איז קאָנצענטרירט אינם דאָזיגן שטאַט געוויס ביי צוויי דריטל פון אַלע אידן פון די פאַראייניגטע שטאַטן. נעמען מיר נאָר די ערשטע דריי שטאַטן פון דער טאַבעלע — ניו־יאָרק, פּענסילוואַניע און אילינויס, — וואָס יעדער פון זיי פאַרמאָגט מער פון הונדערט טויזנט אידן, זעהען מיר, אַז שוין אין 1907־טן יאָר איז געווען אין די דאָזיגע דריי שטאַטן קאָנצענטרירט ביי צוויי דריטל פון אַלע אידן פון די פאַראייניגטע שטאַטן, ווען פון דער גאַנצער באַפעלקערונג איז געווען אין די דאָזיגע דריי שטאַטן קוים איין פינפטל. אין אַלע צען שטאַטן האָט געלעבט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג 37 פּראָצענט, צוויי מיט אַ האַלבן מאָל ווייניגער, ווי ביי דער אידישער באַפעלקערונג.

און לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג האָבן די אידן אויסגעמאַכט אין די צען שטאַטן 4,6 פּראָצענט, צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי אין דער גאַנצער מלוכה. אין שטאַט ניו־יאָרק באַזונדער האָבן די אידן שוין דעמאָלט — אין 1907־טן יאָר — אויסגעמאַכט מער פון 12 פּראָצענט.

מיר גייען איבער צו דער פראַגע וועגן קאָנצענטראַציע אין גרויסע שטעט. די פאַראייניגטע שטאַטן זיינען ב. ל׳ אַ לאַנד מיט אַן אַנטוויקלטער אינדוסטריע, און די שטאָטישע באַפעלקערונג מאַכט דאָרטן אויס אַ גאַנץ גרויסן פּראָצענט. אין 1910־טן יאָר האָט באַטראָפן די שטאָטישע באַפעלקערונג פון די פאַר־אייניגטע שטאַטן 41,5 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. נאָר אין שטעט מיט העכער פון הונדערט טויזנט איינוואוינער האָבן געוואוינט אין 1910־טן יאָר 21,7 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. נעמען מיר די אידישע באַפעלקערונג, באַקומען מיר גאָר אַן אַנדער בילד. די שטאָטישע באַ־פעלקערונג ביי די אידן פון די פאַראייניגטע שטאַטן האָט דערגרייכט אין 1910־טן יאָר ביז 95 פּראָצענט פון אַלע אידן, צוויי מאָל מער ווי ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג. אין שטעט מיט מער פון הונדערט טויזנט איינוואוינער האָבן

געלעבט ביי אידן 88 פראצענט, פיר מאל מער ווי ביי דער גאנצער באַפעלקערונג.

א סך אינטערעסאנטער פאר אונז איז די קאנצענטראציע פון די אמעריקאנער אידן אין געדיכט־באזעצטע גרויסע קהלות. די אלגעמיינע טענדענץ פונם מאדערנעם אידנטום צו קאנצענטראציע האט דא געפונען איר פולסטן און שטארקסטן אויסדרוק. די טאבעלע LIII גיט אונז וועגן דער דאזיגער פראגע זעהר אינטערעסאנטן מאטעריאל.

טאבעלע LIII

## די אידן פון די פאראייניגטע שטאטן פון אמעריקע אין פארשיידענע טיפן קהלות (1907).

| קהלות | די צאל קהלות | די אבסאלוטע צאל אידן | דער פראצענט פון אלע אידן אין די פאראייג. שטאטן |
|---|---|---|---|
| מיט מער פון 50 טויזנט אידן | 4 | 1 110 000 | 62,5 |
| פון 25 ביז 50 „ „ | 7 | 230 000 | 12,9 |
| פון 10 ביז 25 „ „ | 6 | 60 000 | 3,3 |
| **סך־הכל אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן** | **17** | **1400 000** | **78,7** |
| פון 5 ביז 10 טויזנט אידן | 13 | 79 500 | 4,5 |
| פון 1 טויזנט ביז 5 טויזנט אידן | 36 | 72 300 | 4,1 |
| **סך־הכל אין קהלות מיט מער פון איין טויזנט אידן** | **66** | **1 551 800** | **87,3** |

אין קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידן האבן געלעבט אין 1907־טן יאר 78,7 פראצענט, כמעט פיר פינפטל פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאטן. נעמען מיר נאר די גרויסע קהלות (מיט מער פון פופציג טויזנט אידן) האבן מיר געהאט אין 1907־טן יאר סך־הכל פיר אזעלכע קהלות; זיי האבן אבער צונויפגענומען אין זיך כמעט צוויי דריטל (62,5) פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאטן. קהלות מיט מער פון טויזנט אידן זיינען געווען 66, און אין זיי האט געלעבט 87,3 פראצענט פון אלע אידן פון די פאראייניגטע

שטאטן. אין קהלות מיט ווייניגער פון טויזנט אידישע נפשות האט געלעבט דעמאלט סך־הכל איין אכטל פון אלע אידן.

די אלע געבראכטע דאטן געהערן צום 1907־טן יאר. פאר דער לעצטער צייט זיינען די גאר גרויסע קהלות גוואלדיג אויסגעוואקסן און אין 1917־טן יאר האבן שוין געלעבט אין פינף שטעט מער פון צוויי מיליאן אידן. ס׳האבן געוואוינט אידן אין 1917־טן:

| | | |
|---|---|---|
| 1) | ניו־יארק | 1 350 000 |
| 2) | טשיקאגאָ | 350 000 |
| 3) | פילאַדעלפיע | 175 000 |
| 4) | באָסטאָן | 75 000 |
| 5) | באַלטימאָרע | 65 000 |
| | **סך־הכל** | **2 015 000** |

אין די דאזיגע פינף קהלות האט געלעבט אין 1917־טן יאר דריי פערטל פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאטן. אין דער איינער שטאָט ניו־יארק האט געלעבט מער פון א העלפט פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאטן.

פאלגנדיגע ציפער וועלן אונז געבן א פארשטעלונג וועגן דער אנטוויקלונג פון דער גרעסטער אידישער קהלה אין דער וועלט — ניו־יארקער.

אין ניו־יארק זיינען געווען אידן:

| | |
|---|---|
| אין 1812־טן יאר | 400 |
| „ 1848 „ „ | 12 000 |
| „ 1880 „ „ | 60 000 |
| „ 1891 „ „ | 200 000 |
| „ 1910 „ „ | 900 000 |
| „ 1917 „ „ | 1 350 000 |

דער וואוקס איז מער ווי קאלאסאל. אין הונדערט יאר האט זיך די דאזיגע קהלה פארגרעסערט מער ווי דריי טויזנט מאל. פון א קליינטשקע, ניט־אנגעזעהענע קהלה מיט אזויגע 400 אידן איז זי אויסגעוואקסן צום גרעסטן אידישן צענטר, וואס פארמאגט אליין אזוי פיל אידן, וויפיל גאנץ עסטרייך און צוויי מאל אזוי פיל, וויפיל גאנץ דייטשלאנד.

לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן די אידן אויסגעמאכט אין ניו־

יארק אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט סך־הכל א האלבן פראצענט און אין 1908־טן יאר 23,5 פראצענט. ביי איצטיגן טאג שטעלן די אידן געווים פאר א פערטל פון אלע איינוואוינער פון ניו־יארק.

## פראגעס.

1. וואסערע אידן האבן עמיגרירט קיין אמעריקע: אין ערשטן פערטל פון 19־טן יארהונדערט? פון די דרייסיגער ביז די זיבעציגער יארן? אין די לעצטע צענדליגער יארן?

2. וויפיל זיינען געווען אידן אין די פאראייניגטע שטאטן: אין 1818־טן יאר? אין 1840־טן? אין 1880־טן? אין 1897־טן? אין 1910־טן? אין 1917־טן?

3. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט פאר הונדערט יאר: די גאנצע באַפעלקערונג פון די פאראייניגטע שטאטן? די אידישע באפעלקערונג?

4. וואסער א פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג האבן אידן אויסגעמאכט: אין 1818־טן יאר? אין 1910־טן?

5. וואסער א חלק אידן האט געוואוינט אין 1907־טן יאר אין צען שטאטן? אין שטאַט ניו־יארק?

6. וואסער א פראצענט לגבי דער גאנצער באפעלקערונג מאכן די אידן אויס: אין צען שטאטן? אין שטאַט ניו־יארק?

7. וואסער א פראצענט פון דער באפעלקערונג האט געוואוינט אין שטעט אין 1910־טן יאר: ביי דער גאנצער באפעלקערונג? ביי אידן?

8. וואסער א פראצענט וואוינט אין שטעט מיט מער פון הונדערט טויזנט איינוואוינער: ביי דער גאנצער באפעלקערונג? ביי אידן?

9. וואסער א חלק פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאטן לעבט: אין קהלות מיט מער פון 50 טויזנט אידן? אין קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידן? אין קהלות מיט מער פון טויזנט אידן? מיט ווייניגער פון טויזנט אידן?

10. וויפיל אידן האבן געלעבט אין 1917־טן אין די פינף גרעסטע אידישע קהלות פון די פאראייניגטע שטאטן?

11. וויפיל זיינען געווען אידן אין ניו־יארק: אין 1812־טן יאר? אין 1848־טן? אין 1880־טן? אין 1910־טן? אין 1917־טן?

12. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט די ניו־יארקער אידישע קהלה פאר הונדערט יאר?

13. וואסער א פראצענט האבן אידן אויסגעמאכט לגבי דער גאנצער באַפעלקערונג אין ניו־יארק: אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט? אין 1908־טן אר?

קאפיטל 17.

## די אידן אין ארגענטינע און קאנאדע.

אין ארגענטינע איז געווען אין 1910־טן יאר 75 000 אידן. פון זיי האבן געלעבט אין די אידישע קאלאניעס ביז 25 000, אומגעפער א דריטל. די איבע־ריגע פופציג טויזנט אידן האבן געלעבט כמעט אויסשליסליך אין די שטעט פון ארגענטינע. אין בועגאס־איירעס אליין האט געוואוינט ביז 25 טויזנט אידן.

די עמיגראציע קיין ארגענטינע האט זיך אנגעהויבן ערשט צום סוף פון די אכטציגער יארן פון 19־טן יארהונדערט, און לכתחילה האט זי געטראגן נאר א קאלאניזאציע־כאראקטער, און דעריבער איז זי געגאנגען אזוי פאמעליך. ערשט אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט הויבן אן וואקסן די אידישע קהלות אין די שטעט פון ארגענטינע — די עמיגראציע באקומט ברייטערע מעגליכקייטן און הויבט זיך אן פארגרעסערן.

אין קאנאדע האבן אידן געוואוינט נאר פון לאנג. און ווי אין די פאר־איינינטע שטאטן, אזוי איז אויך אין קאנאדע די ערשטע עמיגראציע באשטאנען כמעט נאר פון ספרדישע אידן. ערשט אין די אכטציגער יארן פון פאריגן יאר־הונדערט הויבן אן פארן קיין קאנאדע אידישע עמיגראנטן פון רוסלאנד און עסטרייך, און די צאל פון די אידן דארטן הויבט זיך אן פארגרעסערן. דאך גייט דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין קאנאדע זעהר לאנגזאם און ערשט אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט ווערט ער אביסל אינטענסיווער.

ס'זיינען געווען אידן אין קאנאדע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין 1871־טן יאר | 1 115 | 0,03 % | |
| „ 1881 „ „ | 2 393 | 0,05 „ | |
| „ 1891 „ „ | 6 414 | 0,13 „ | |
| „ 1901 „ „ | 16 401 | 0,30 „ | |
| „ 1911 „ „ | 74 564 | 1,03 „ | |

פאר פערציג יאר — פון 1871 ביז 1911־טן יאר — האט זיך די אידישע באפעלקערונג פון קאנאדע פארגרעסערט כמעט זיבעציג מאל. דער־עיקר צוואוקס איז געווען פאר די ערשטע צען יאר פון 20־טן יארהונדערט.

לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג האבן אידן אויסגעמאכט אין 1871־טן יאר נאר א נישטיגן פראצענט — סך־הכל 0,03; אין 1911־טן יאר האט דער פראצענט פון די אידן שוין באטראפן 1,03 — פיר און דרייסיג מאל מער,

דאס הייסט, אז די אידישע באפעלקערונג פון קאנאדע וואקסט א סך אינטענ־סיווער, ווי די גאנצע באפעלקערונג. און אין דער אמתן: די אלגעמיינע באַ־פעלקערונג פון קאנאדע האט באטראפן:

| | | |
|---|---|---|
| אין 1871־טן יאר | 3 635 024 |
| „ 1911 „ „ | 7 206 643 |

הייסט עס, אז זי האט זיך פאר אלע פערציג יאר גאר פארדאפעלט, ווען די אידישע באפעלקערונג פאר דער אייגענער צייט האט זיך פארגרעסערט כמעט זיבעציג מאל.

פון די כמעט 75 טויזנט קאנאדער אידן לעבן ביז דריי טויזנט אין אידישע קאלאניעס און די איבעריגע זיינען קאנצענטרירט כמעט אויסשליסליך אין די שטעט. פון זעכציג טויזנט קאנאדער אידן אין 1909־טן יאר האבן געלעבט אין:

| | | |
|---|---|---|
| מאָנרעאַל | 30 000 | 50,00 % |
| טאָראָנטאָ | 10 000 | 16,66 „ |
| וויניפעג | 8 000 | 13,34 „ |
| **סך־הכל** | **48 000** | **80,00 „** |

אין דריי שטעט האבן געוואוינט אכטציג פראצענט פון אלע אידן פון קאנאדע.

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן אין ארגענטינע אין 1910־טן יאר?
2. וויפיל פון זיי האבן געלעבט אין קאלאניעס?
3. ווען הויבט אן וואקסן די אידישע עמיגראציע קיין ארגענטינע?
4. פון וואסערע אידן זיינען באשטאנען די ערשטע אידישע עמיגראנטן אין קאנאדע?
5. וויפיל זיינען געווען אידן אין קאנאדע: אין 1871־טן? אין 1911־טן?
6. וויפיל מאל האט זיך פארגרעסערט פאר פערציג יאר: די גאנצע באַ־פעלקערונג? די אידישע באפעלקערונג?
7. ווי גרויס איז די באפעלקערונג אין די אידישע קאלאניעס פון קאנאדע?
8. וויפיל אידן וואוינען אין די דריי גרעסטע קהלות פון קאנאדע?

קאפיטל 18.

# די אידן אין טערקיי.

קיין גענויע ידיעות וועגן דער צאל אידן אין דער טערקישער מלוכה זיינען נים פאראן, און אלע ידיעות, וואס מיר ברייננגען דא, האבן נאר א בערכ'דיגן ווערט.

ווי מיר האבן געבראכט אין דער טאבעלע I איז געווען אין טערקיי אין 1904־טן יאָר:

1. אייראפייאישער טייל 188 896 — 2,73 %
2. אזיאטישער טייל 256 895 — 1,16 %

די טערקישע אידן האבן פארמאגט א סך גרויסע קהלות, פון וועלכע די גרעסטע זיינען געווען פאלגנדיגע:

| | |
|---|---|
| סאַלאָניקי | 75 000 |
| קאָנסטאַנטינאָפּאָל | 65 000 |
| ירושלים | 50 000 |
| באַגדאַד | 40 000 |
| אַדריאַנאָפּאָל | 17 000 |
| סמירנאַ | 25 000 |
| צפֿת | 10 000 |
| אלעפּאָ (ארם צובה) | 10 000 |
| **סך־הכל** | **292 000** |

אין די אויסגערעכנטע אכט קהלות האט געלעבט 292 טויזנט אידן, ד. ה. 65,5 פראצענט פון אלע טערקישע אידן. קומט אויס, אז אפילו אין טערקיי האבן געלעבט צוויי דריטל פון אלע אידן אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות.

אין ארץ־ישראל זיינען געווען אידן:

אין 1880־טן יאר 35 000 7,0 %
„ 1910 „ „ 86 000 „ 14,3

די אידישע באפעלקערונג פון ארץ־ישראל איז אויסגעוואקסן פאר דרייסיג יאר אביסל מער פון צוויי מאל; דער פראצענט פון דער אידישער באפעלקערונג לגבי דער גאנצער באפעלקערונג האט זיך פארגרעסערט צוויי מאל, וואס ס'באַווייזט, אז דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג איז געווען צוויי מאל

שטארקער פונם וואוקס פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. מיר מוזן אבער צוגעבן, אז דער אנגעוויזענער פראצענט פון די אידן אין פּאַלעסטינע, וואס נעמט זיך פון דער השערה, אז די גאַנצע באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע באַטרעפט סך־הכל 600 000, רופט ארויס גרויסע ספקות. ס'זיינען פאראן אפיציעלע ידיעות פון 1915־טן יאר, וועלכע באַרעכענען די גאַנצע באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע מער פון א מיליאן. די אידיי..ע באַפעלקערונג האט באַטראָפן צו יענער צייט מאַקסימום הונדערט טויזנט, אזוי אז מען מוז קומען צום אויספיר, אז די אידן מאַכן אויס אין ארץ־ישראל ניט מער פון צען פראצענט. מיר נעמען ניט אין אכט, וואס די מלחמה האט געוויס פאַרקלענערט באַדייטנד די צאָל אידן אין פּאַלעסטינע, ווי מיר האבן ד'עם דאַזיגן מאָמענט איגנאָרירט בנוגע צו אלע לענדער און מלוכות.

די אידישע באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל האט געוואוינט אין 1910־טן יאר אין פאלגנדיגע ערטער:

| | | |
|---|---|---|
| 1. ירושלים | 50 000 | |
| 2. צפת | 10 000 | |
| 3. יפו | 8 000 | |
| 4. טבריה | 6 000 | |
| 5. חיפה | 3 000 | |
| 6. הדרון | 1 000 | |
| **סך־הכל אין שטעט** | **78 000** | **90,6 %** |
| 7. אין די קאָלאָניעס | 8 000 | 9,4 % |

אין די קאָלאָניעס לעבט, הייסט עס, סך־הכל איין אכטל פון אלע אידן פון פּאַלעסטינע.

אין די אלע אויסגערעכנטע שטעט מאַכן די אידן אויס א גאַנץ גרויסן פראַצענט לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג. די אידן האבן אויסגעמאַכט:

| | |
|---|---|
| אין ירושלים | 60 % |
| „ צפת | 30 „ |
| „ יפו | 20 „ |
| „ טבריה | 80 „ |
| „ חיפה | 12 „ |

די אידישע קהלה אין ירושלים איז געוואקסן אין 19־טן יארהונדערט גאנץ אינטענסיוו. אין ירושלים זיינען געווען אידן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין | 1856־טן | יאר | 5 700 |
| „ | 1864 „ | „ | 10 000 |
| „ | 1891 „ | „ | 25 000 |
| „ | 1900 „ | „ | 40 000 |
| „ | 1910 „ | „ | 50 000 |

פאר 54 יאר האט זיך די דאזיגע קהלה פארגרעסערט כמעט ניין מאל. די גאנצע באפעלקערונג פון ירושלים האט זיך פאר דער איינענער צייט פאר־גרעסערט נאר זעקס מאל.

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן: אין דער אייראפייאישער טערקיי? אין דער אזיאטישער טערקיי?
2. וויפיל זיינען געווען אידן אין די אכט גרעסטע אידישע קהלות פון טערקיי?
3. וויפיל זיינען געווען אידן אין ארץ־ישראל: אין 1880־טן יאר? אין 1910־טן?
4. וואסער א פראצענט האבן אידן אויסגעמאכט אין ארץ ישראל לגבי דער גאנצער באפעלקערונג?
5. וואסער א פראצענט פון די אידן אין ארץ־ישראל וואוינט אין די קאלאניעס?
6. וואסער א פראצענט מאכן אידן אויס: אין ירושלים? אין צפת? אין טבריה?
7. וויפיל זיינען געווען אידן אין ירושלים: אין 1856־טן יאר? אין 1910־טן?

קאפיטל 19.

# די אידן אין אפריקע.

די צאל אידן אין אַלזשיר האט באטראפן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין 1861־טן יאר | 21 048 | % | 0,71 |
| „ „ 1881 „ | 35 663 | „ | 1,07 |
| „ „ 1901 „ | 57 132 | „ | 1,20 |
| „ „ 1911 „ | 70 271 | „ | 1,26 |

פאר פופציג יאר האט זיך די אידישע באפעלקערונג פון אלזשיר פאר־גרעסערט מער ווי דריי מאל — פון 21 048 אין 1861־טן יאר איז זי אויס־געוואקסן ביז 70 271 אין 1911־טן יאר.

אין דער הויפט־שטאט אלזשיר איז געווען אין 1900־טן יאר צען טויזנט אידן, וועלכע האבן אויסגעמאכט קרוב צו צען פראצענט פון דער גאנצער באַ־פעלקערונג.

אין טוניס זיינען געווען אין 1911־טן יאר 50 383 אידן, וועלכע האבן אויסגעמאכט 2,61 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג. פון זיי האט גע־לעבט אין דער הויפט־שטאט טוניס אליין ביז 40 טויזנט, ד. ה. כמעט גאנצע אכטציג פראצענט.

אין מצרים זיינען געווען אידן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין 1897־טן יאר | 25 200 | % | 0,26 |
| „ „ 1907 „ | 38 635 | „ | 0,34 |

אין צוויי שטעט האט געלעבט מער פון א העלפט פון אלע אידן פון מצרים. אזוי איז געווען אידן:

| | |
|---|---|
| אין קאַאירָא | 11 489 |
| „ אלעקסאַנדריע | 9 946 |

אין די דריי אפריקאנישע לענדער, וועגן וועלכע מיר האבן נאר וואס גערעדט, וואוינען מערסטנטיילס כמעט אויסשליסליך ארטיגע אידן, וואס זיינען זעהר ווייט אין אלע פרטים — הן לויט דער שפראך, הן לויט דעם אלגעמיינעם קולטורעלן מצב, הן לויט דער עקאנאמישער לאגע פון די אייראפּייאישע אידן. אין אפריקע זיינען אבער פאראן ערטער, וואו ס'האבן זיך באזעצט עמיגראנטן פון רוסלאנד און עסטרייך — דאס זיינען די קאלאניעס פון ענגלאנד. וועגן די דאזיגע קאלאניעס וועלן מיר איצט ברייגגען אייניגע ידיעות.

ראשית וועגן קאַפּלאַנד. אין 1904־טן יאר איז דארט געווען 19 537 אידן, פון זיי האט געלעבט אין דער איינער שטאט קאַפּשטאַדט ניין טויזנט. די עמיגראציע קיין קאַפּלאַנד האט זיך אנגעהויבן נאך אין די צוואנציגער יארן פון 19־טן יארהונדערט; נאר ביז די אכטציגער יארן זיינען אהין געפארן איינצעלנע אדער מאקסימום צענדליגער אידן. ערשט נאך די אכטציגער יארן האט זיך די עמיגראציע קיין קאַפּלאַנד פארגרעסערט. אין דער הויפּט־שטאט — קאַפּ־שטאַדט — איז געווען אין די פופציגער יארן ניט מער פון 15 אידישע משפחות.

אין טראַנסוואַל חזרט זיך איבער כמעט דאס זעלבע, וואס מיר האבן נאר וואס געזאגט וועגן קאַפּלאַנד. נאר אין טראַנסוואַל האט זיך די אידישע עמי־גראציע אנגעהויבן נאך שפּעטער. סך־הכל איז געווען אין טראַנסוואַל אין 1904־טן יאר 15 478 אידן, פון וועלכע ס'האבן געלעבט נאר אין דער הויפּט־שטאט יאָהאנעסבורג צען טויזנט.

וועגן איינציגע מלוכות פון אפריקע איז דא אזוי ווייניג ידיעות, אז מיר קאנען זיך באגענוגענען מיט דעם, וואס זיי זיינען אריין אין דער טאבעלע I; אין די איבעריגע איז דא אזוי ווייניג אידן, אז ס'לוינט ניט זיך לאנג פארהאלטן אויף זיי.

## פראגעס.

1. וויפיל זיינען געווען אידן אין אלזשיר: אין 1861־טן יאר? אין 1911־טן?
2. וויפיל זיינען געווען אידן אין דער הויפּט־שטאט אלזשיר?
3. וויפיל זיינען געווען אידן אין טוניס אין 1911־טן יאר? אין דער הויפּט־שטאט פון טוניס?
4. וויפיל זיינען געווען אידן אין מצרים: אין 1897־טן? אין 1907־טן?
5. וויפיל זיינען געווען אידן אין קאַאירא? אין אלעקסאנדריע?
6. וויפיל זיינען געווען א״דן אין קאפלאנד? אין קאפשטאדט?
7. וויפיל זיינען געווען אידן אין טראנסוואל? אין יאהאנעסבורג?

קאפיטל 20.

## די אידן אין אויסטראליע.

די אידישע קאלאניע אין אויסטראליע איז זעהר א קליינע. אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יארהונדערט האט זיך דארטן באזעצט א קליינע צאל ענגלישע אידן. צו די פופציגער יארן זיינען שוין אבער אין אויסטראליע געווען אויך עטליכע פוילישע אידן. אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאר־הונדערט איז קיין אויסטראליע פארוואָרפן געווארן א קליין ריטשקעלע פונם גרויסן עמיגראציע־שטראם. דאס ריטשקעלע איז אבער געבליבן א קליינס און א שמאָליקס — און די צאל אידן אין אויסטראליע וואקסט זעהר לאנגזאם.

אזוי זיינען געווען אידן אין אויסטראליע:

| | |
|---|---|
| אין 1891־טן יאר | 15 268 |
| " 1901 " " | 16 850 |
| " 1911 " " | 19 415 |

די גרעסטע אידישע קהלה אין אויסטראליע איז געווען אין סידניי, וואו אין 1901־טן יאר איז געווען 5137 אידן, וועלכע האבן אויסגעמאכט 1,0 פראָ־צענט פון דער גאנצער באפעלקערונג.

### פראגעס.

1. ווען האבן זיך אנגעהויבן אידן באזעצן אין אויסטראליע?
2. וויפיל זיינען געווען אידן אין אויסטראליע: אין 1891־טן יאר? אין 1911־טן?
3. וויפיל זיינען געווען אידן אין סידניי אין 1911־טן יאר?

# שלוס-ווארט.

דער בוך, וואס ווערט ערשט איצט סוף פון 1921־טן יאר ארויסגעלאזט פון דרוק, איז געווען פארענדיגט זומער 1919 און האט זיך אפילו שוין אנגעהויבן זעצן אין קיעוו אין הארבסט 1919. צוליב איינינע סבות אבער האט די ארבעט געמוזט איבערגעריסן ווערן, און נאָך א סך גלגולים דורך פארשיידענע לענדער און מלוכות ערשיינט דער בוך ענדליך אין בערלין. מיר געפינען פאר נויטיג צוצוגעבן אייניגע נייע מאטעריאלן, וועלכע האבן אין בוך ניט געקאנט אריין, און אויך דערקלערן אייניגע פּרטים.

פון לעצטן וועלן מיר אנהויבן.

ביי אונז איז געגעבן דער מאַטעריאַל נאר פון פאר דער מלחמה. נאך דער מלחמה זיינען אבער פארגעקומען וויכטיגע שנוים — אייניגע גרויסע מלוכות זיינען שטארק ארומגעשניטן און ארומגעהאקט געווארן, און אנדערע זיינען אויף זייער חשבון אויסגעוואקסן. א סך נייע מלוכות און מלוכהלאך זיינען פון ס'ניי געבוירן געווארן אדער תחית המתים אויפגעשטאנען. ס'וואלט אלזוי גוט געווען, ווען מיר וואלטן געקאנט דעם גאנצן מאטעריאל איבערארבעטן אין הסכם מיט דער לאגע, וואס האט זיך געשאפן נאך דער מלחמה.

דאס איז אבער אוממעגליך.

ראשית, מחמת דער פראצעס פון איבערשניידן די אייראפייאישע קאַרטע, פון פארפילן דעם אייראפייאישן שטח מיט א סך קליינינטשקע מלוכה'לאך איז נאך ניט אינגאנצן פארענדיגט. און אפילו אויף וויפיל די דאזיגע ארבעט איז שוין פארענדיגט און פאָרמעל פארפיקסירט, קאן מען דאך האבן גאר גרויסע ספקות, אויף וויפיל דאס אלץ האט אונטער זיך א זיכערן און פעסטן באדן. ווארום פאר יעדן איז קלאר, אז וויפיל מען זאל זיך ניט סטארן צו באלקאניזירן אייראפע, די היסטאריש־עקאנאמישע טענדענצן פון די גרויסע מלוכות פון מיטל־אייראָפּע וועלן סוף כל סוף מוזן גובר זיין. און ס'איז זעהר מעגליך, אז אין איין שיינעם אדער, פארקערט, כמורגעם פריהמארגן וועלן מיר פלוצלינג געוואר ווערן, אז א סך „מלוכות" זיינען נפטר געווארן.

די איצטיגע מלוכה־קארטע פון אייראפע מוז באטראכט ווערן, ווי א צייט־ווײליגע, ווי א איבערגייענדיגע. ווייל די מלחמה איז אין אמתן אריין נאך נים פארענדיגט, נים קוקנדיג אויף די פיל אונטערגעשריבענע שלום־אָפּמאַכן. מען קאן נאך גאר נים וויסן, ווי די אייראפּייאישע מלוכה־קארטע וועט אין איינינע יאר ארום אויסזעהן.

נאר ס'איז דא נאך א וויכטיגערע סבה, וואס מאכט אוממעגליך צו געבן א סטאטיסטיש בילד פון דער לאגע, וואס האט זיך נאך דער מלחמה אפּ־געשטעלט.

אין אייניגע לענדער, וואו ס'וואוינען גרויסע אידישע מאסן, זיינען נאך דער מלחמה קיין ציילונגען נים פארגעקומען; וואס איז שייך צו די לענדער, וואו ס'זיינען שוין נאך דער מלחמה פארגעקומען פאלקס־ציילונגען, וועלן די נויטיגע פאר אונז מאטעריאלן פארעפנטליכט ווערן ערשט אין אייניגע יאר ארום. ווארום פאר אונז האבן דער־עיקר א אינטערעס נים די אלגעמיינע דאטן וועגן דער צאל איינוואוינער אין דער אדער יענער מלוכה, נאר דער נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון יעדער מלוכה, דער נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון באזונדערע קאַנטן און ראיאנען, פון באזונדערע וואוין־ערטער (שטעט, שטעטלאך און דערפער). אזעלכע דעטאליזירטע ציפערן וועלן געווים פארעפנטליכט ווערן הלואי אין א פאר יאר ארום.

מיר מוזן אבער נאך אנווייזן אט אויף וואס. אונזערע מאטעריאלן זיינען אזוי צוזאמענגעשטעלט, אז זיי נעמען תמיד ארום באזונדערע נאציאנאלע קאנטן אדער ראיאנען. אזוי ווי דאס רוב נייגעבילדעטע מלוכות זיינען מערסטנטיילס אויסגעשניטן פון נאציאנאלע קאנטן, איז נים שווער אויפן גרונט פון אונזערע מאטעריאלן צונויפצושטעלן די אדער יענע פון די דאזיגע מלוכות.

נעמען מיר, למשל, פוילן. נעמען מיר די צען רוסיש־פוילישע גובערניעס, גראָדנער און ווילנער גובערניע, גאליציע פון עסטרייך און פויזן פון דייטשלאנד — און מיר באקומען מער פון 95 פראצענט פון אלע איצטיגע פוילישע אידן. מיר באקומען כמעט די גאנצע אידישע באפעלקערונג פון דער נייער פוילישער מלוכה. דאס זעלבע איז בנוגע צו אוקראינע, צו רומעניע, טשעכא־סלאָוואַקיי און אזוי ווייטער.

בנוגע צו דער געשיכטליכער אנטוויקלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין דער אדער יענער נייגעבילדעטער מלוכה, קאן מען אויך זאגן דאס זעלבע. נעמען מיר נאך א מאל פאר א משל פוילן. מיר ווילן וויסן דעם וואוקס פון

דער אידישער באפעלקערונג פאר א געוויסן פעריאד צייט אין מאדערנעם פוילן, אין דער פוילישער מלוכה אין אירע איצטיגע געאגראפישע גרעניצן. לויט אונזערע מאטעריאלן איז דאס ניט שווער צו געפינען. אין אונזער בוך זיינען פאראן ידיעות וועגן וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין די צען רוסיש־פוילישע גובערניעס, אין גאליציע און פויזן פאר מער פון הונדערט יאר; וועגן ווילנער און גראָדנער גובערניעס פאר מער פון 70 יאר.

און נאך איין זאך. דער הויפט־אינטערעס פון דער אידישער סטאַטיסטיק ליגט ניט אזוי אין דער אלגעמיינער צאל אידן אין דער אדער יענער מלוכה, ווי אין דער געאָגראַפישער איינטיילונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין די ראַמען פון יעדער באשטימטער מלוכה, אין דער איינטיילונג פון די אידן צווישן פארשיידענע וואוין־ערטער, אין די נאציאָנאלע כחות־פארהעלטענישן אין פאר־שיידענע קאַנטן און וואוין־ערטער, אין דער אבסאלוטער און רעלאטיווער קאָנ־צענטראַציע פון די אידישע מאַסן. אָט די דאזיגע אלע פראַגן ווערן אין בוך אזוי דעטאַל באהאנדלט און דער עיקר בנוגע צו אזעלכע קליינע געאָגראַפישע שטחים און נאציאָנאַלע קאַנטן, אז ס'וועט גאַנץ גרינג זיין צו פארגלייכן די פארגאנגענהייט (אויפן גרונט פון די דאַטן פון אונזער בוך) מיט דער געגנ־ווארט (אויפן גרונט פון די ציילונגען, וואס זייער רעזולטאַט וועט ערשט פאר־עפנטליכט ווערן).

און דאס איז איינגטליך דער עיקר — יעדע סטאַטיסטישע דאַטע באקומט ערשט דעמאלט איר אמתן ווערט און באטייט, ווען זי קאן פארגלייכט ווערן, ווען זי קאן ארויסווייזן די לעבנס־טענדענצן, וואס זיינען פארבאָרגן אין איר, ווען זי באלייכט ניט נאר דעם געגעבענעם צושטאנד, נאר אויך דעם פארקומענדיגן פראָצעס.

כדי צו מאכן באקאנט דעם לעזער מיט די נייע מאטעריאַלן, וואס וועלן אין משך פון די נאָהענטע יארן פארעפנטליכט ווערן, וועלן מיר זיך באמיהען פון צייט צו צייט ארויסגעבן העפטן — הוספות צום בוך — וועלכע וועלן אנטהאלטן די רעזולטאַטן פון די פאָרגעקומענע פאלקס־ציילונגען.

מיר נייען איבער צו די נייע מאַטעריאַלן, וועלכע מיר האבן א מעגליכ־קייט שוין איצט צוצוגעבן.

מיר ברייננען די טאבעלע LIV, וועלכע מיר נעמען פון אַמעריקאַניש־אידישן סטאַטיסטישן יארבוך. די דאזיגע טאבעלע פרובט זיך געבן א סטאַ־טיסטיש בילד פון דער לאגע, וואס האט זיך געשאַפן נאך דער מלחמה. די־

# די צאל אידן אין פארשיידענע לענדער און מלוכות.

| מלוכות | די אלגעמיינע באפעלקערונג | פון דעם — אידן | % פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג | % פון אלע אידן | יאר |
|---|---|---|---|---|---|
| **אייראָפּע:** | | | | | |
| פּוילן | 31 000 000 | 4 100 000 | 13,22 | 25,98 | 1919 |
| אוקראינע | 30 000 000 | 3 300 000 | 11,00 | 20,91 | 1919 |
| רומעניע | 17 300 000 | 1 000 000 | 5,77 | 6,34 | 1919 |
| דייטשלאַנד | 58 122 273 | 500 000 | 0,88 | 3,18 | 1919 |
| אונגאַרן | 15 500 000 | 450 000 | 2,90 | 2,85 | 1919 |
| טשעכאָ־סלאָוואַקיי | 14 000 000 | 349 000 | 2,48 | 2,21 | 1910 |
| ענגלאַנד | 46 407 037 | 275 000 | 0,59 | 1,74 | 1918 |
| ליטע | 2 000 000 | 250 000 | 12,50 | 1,58 | 1919 |
| גרויס־רוסלאנד (אייראָפּייאיש סאָוועט־רוסלאנד) | 95 000 000 | 200 000 | 0,21 | 1,26 | 1919 |
| דייטש־עסטרייך | 6 071 978 | 200 000 | 3,29 | 1,26 | 1920 |
| פראַנקרייך | 41 476 272 | 150 000 | 0,36 | 0,96 | 1919 |
| לעטלאַנד | 2 522 000 | 150 000 | 5,90 | 0,96 | 1919 |
| גריכנלאַנד | 6 336 000 | 120 000 | 1,80 | 0,76 | 1919 |
| האָלאַנד | 5 945 155 | 106 309 | 1,79 | 0,67 | 1910 |
| דרום־סלאַוויע (סערביע קראָאַציע און סלאַוואָניע) | 11 600 000 | 100 000 | 0,85 | 0,63 | 1919 |
| אייראָפּייאיש טערקיי | 1 250 000 | 75 000 | 6,00 | 0,48 | 1919 |
| בולגאַריע | 4 500 000 | 45 000 | 1,00 | 0,29 | 1919 |
| איטאַליע | 36 548 542 | 43 000 | 0,11 | 0,27 | 1919 |
| שווייץ | 3 741 971 | 19 023 | 0,51 | 0,13 | 1910 |
| בעלגיע | 7 423 784 | 15 000 | 0,20 | 0,10 | 1910 |
| עסטלאַנד | 512 500 | 7 500 | 1,46 | 0,05 | 1919 |
| שפּאַניע | 19 503 068 | 4 000 | 0,02 | 0,03 | — |
| דענעמאַרק | 2 775 076 | 5 164 | 0,20 | 0,03 | 1911 |

| מלוכות | די אלגעמיינע באפעלקערונג | פון דעם — אידן | אידן % פון דער אלגע־מיינער באפעלקערונג | % פון אלע אידן | יאר |
|---|---|---|---|---|---|
| שוועדן | 5 136 441 | 3 912 | 0,07 | 0,02 | 1910 |
| פינלאַנד | 3 300 000 | 2 000 | 0,06 | 0,01 | 1919 |
| קיפּר, גיבראַלטאַר, מאַלטאַ | 528 000 | 1 445 | 0,27 | 0,01 | 1911 |
| לוקסעמבורג | 259 891 | 1 270 | 0,45 | 0,007 | 1910 |
| נאָרוועגיע | 2 391 782 | 1 045 | 0,04 | 0,007 | 1910 |
| פּאָרטוגאַל | 5 482 132 | 1 000 | 0,02 | 0,006 | — |
| **ס״ה אין אייראָפּע** | **476 633 902** | **11 474 668** | **2,41** | **72,68** | |
| **אַזיע:** | | | | | |
| אזיאַטיש טערקיי | 20 650 000 | 177 500 | 0,86 | 1,12 | — |
| ארץ־ישראל | 700 000 | 85 000 | 12,0 | 0,54 | 1916 |
| אַזיאטיש רוסלאנד | 10 295 900 | 76 262 | 0,74 | 0,49 | 1913 |
| פערסיע | 9 500 000 | 40 000 | 0,42 | 0,25 | — |
| אינדיע | 315 156 396 | 20 980 | 0,006 | 0,13 | 1911 |
| אַפגאַניסטאַן און טורקעסטאַן | 6 000 000 | 18 316 | 0,31 | 0,12 | 1916 |
| איבעריגע אַזיאַטישע מלוכות | 48 412 310 | 15 274 | 0,03 | 0,10 | 1911/12 |
| **ס״ה אין אַזיע** | **410 714 606** | **433 332** | **0,11** | **2,75** | |
| **אַפריקע:** | | | | | |
| מאַראָקאָ | 5 000 000 | 103 712 | 2,11 | 0,66 | — |
| אַלזשיר | 5 563 828 | 70 271 | 1,20 | 0,45 | 1914 |
| טוניס | 1 878 620 | 54 664 | 2,90 | 0,35 | 1914 |
| די שטאַטן פון דרום־אַפריקע | 5 973 394 | 47 000 | 0,78 | 0,30 | 1911 |
| מצרים | 11 287 359 | 38 635 | 0,34 | 0,24 | 1907 |
| אַביסיניע | — | 25 000 | — | 0,16 | — |
| טריפּאָלי | 523 176 | 18 860 | 3,60 | 0,12 | 1911 |

| מלוכות | די אלגעמיינע באפעלקערונג | פון דעם — אידן | % פון די אידן לגבי דער אלגע־מיינער באפעלק. | % פון אלע אידן | יאר |
|---|---|---|---|---|---|
| איבעריגע אפריקאַ־נישע מלוכות | 5 684 000 | 1 580 | 0,03 | 0,01 | 1914/16 |
| **ס"ה אין אַפריקע** | **35 874 377** | **359 722** | **1,00** | **2,29** | |
| **אמעריקע:** | | | | | |
| פאַראייג. שטאַטן | 103 000 000 | 3 300 000 | 3,20 | 20,91 | 1918 |
| קאַנאַדע | 7 204 838 | 75 681 | 1,05 | 0,48 | 1911 |
| קובאַ | 2 627 536 | 2 000 | 0,07 | 0,01 | 1916 |
| יאַמאַיקע | 850 000 | 1 487 | 0,17 | 0,01 | 1917 |
| מעקסיקע | 15 501 684 | 500 | 0,003 | 0,003 | 1912 |
| **ס"ה א. צפון־אַמער.** | **129 184 058** | **3 379 668** | **2,62** | **21,41** | |
| אַרגענטיניע | 9 000 000 | 110 000 | 1,22 | 0,70 | 1917 |
| בראַזיליע | 20 000 000 | 4 000 | 0,02 | 0,03 | 1917 |
| איבעריגע מלוכות פון דרום־אַמעריקע*) | 3 974 435 | 2 557 | 0,06 | 0,02 | 1917 |
| **ס"ה א. דרום־אַמער.** | **32 974 435** | **116 557** | **0,35** | **0,75** | |
| **ס"ה אין גאַנץ אַמעריקע** | **162 158 493** | **3 496 225** | **2,16** | **22,16** | |
| **אויסטראַליע:** | | | | | |
| אויסטראַל. שטאַטן | 4 455 005 | 17 287 | 0,39 | 0,11 | 1911 |
| ניי־זעלאַנד | 1 099 295 | 2 128 | 0,21 | 0,01 | 1916 |
| **ס"ה א. אויסטראַליע** | **5 554 300** | **19 415** | **0,35** | **0,12** | |
| **ס"ה אין דער גאַנצער וועלט** | **1 090 935 678****) | **15 783 362** | **1,44** | **100,00** | |

*) אחוץ פּערו.

**) אין דער דאזיגער צאל גייען גיט אריין כינע (320 מיליאן), יאפאן (53 מיליאן) און אנדערע מלוכות (קארעא, סיאם און אנד.), אין וועלכע ס'וואוינען כמעט קיין אידן ניט. די אלגעמיינע צאל מענשן אין דער גאנצער וועלט באטרעפט מער פון אנדערטהאלבן מיליארד.

טאבעלע נויטיגט זיך אבער אין אייניגע אויסבעסערונגען, ווייל די צוזאמ־נע שטעלער פון דער טאבעלע האבן געמאכט א פאר פעלערן.

פון אנהויב אן מוז מען באמערקן, אז דער עיקר האבן זיך די מחברים פון דער טאבעלע טועה געווען אין די ציפערן פון רוסלאנד און אוקראינע און פון געוועזענע טיילן פון רוסלאנד. ווייל אין רוסלאנד איז געווען א פאלקס־ציילונג צוריק מיט עטליכע און צוואנציג יאר, איז גאנץ נאטירליך, אז די אָפּ־שאצונגען פון דער צאל אידן דארטן זאלן זיין זעהר ספקדיגע. און באמת, לויט דעם חשבון פון די מחברים פון דער טאבעלע קומט אויס, אז אין געוועזענעם רוסלאנד (מיט קאָנגרעס־פוילן) איז געווען אין 1920־טן יאר ביי 7½ מיליאן אידן. אז דאס איז א אוממעגליכע זאך, איז קלאָר פאר יעדן, ווער ס'איז נאר וויפיל ס'ניט איז באקאנט מיט דער אידיש־רוסישער סטאטיסטיק.

ווען מיר זאלן זיין נאר און נאר אָפּטימיסטיש און רעכענען דעם נאטירליכן צוואקס ביי דער אידישער באפעלקערונג פון געוועזענעם רוסלאנד מיט צוויי פּראצענט, וועלן מיר באקומען אין 1920־טן יאר מאקסימום קרוב צו זעקס מיט א האלבן מיליאן אידן אין געוועזענעם רוסלאנד. אין דער ווירקליכקייט אבער איז דער נאטירליכער צוואקס ביי די רוסישע אידן פון 1905־טן יאר געווען נידעריגער פון צוויי פּראצענט.

א ספק רופן ביי אונז אויך ארויס די צאל אידן אין די פאראייניגטע שטאַטן, און מיר מיינען, אז אין 1918־טן יאר איז דארטן ניט געווען מער פו דריי מיליאן אידן.

בנוגע אלזוי צו דער אלגעמיינער צאל אידן קומען מיר צום אויספיר, אז ס'זיינען געווען אין דער גאנצער וועלט אין 1920־טן יאר ניט מער פון 14½ מיליאן אידן.

לאמיר איבערגייען צו איינציגע מלוכות. נייען מיר לויט דעם סדר פון דער טאבעלע. די ערשטע איז פוילן. די פאלקס־ציילונג, וואס איז פארגעקומען דעם 30־טן סעפּטעמבער 1921־טן יאר, האט דערוויזן, אז אין גאנץ פוילן (מיט אויבער־שלעזיע) איז געווען 26 מיליאן מיט 940 טויזנט איינוואוינער. דער נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון דער באפעלקערונג איז נאך ניט פארעפנטליכט געווארן. מיר מוזן דעריבער באנוצן די דאטן פון פארשיידענע מלוכות, צו וועלכע פארשיידענע טיילן פון איצטיגן פוילן האבן געהערט. דעמאלט באקומען מיר פאלגנדיגן חשבון:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. | קאנגרעס־פוילן | 1 900 000*) | (1913) |
| 2. | גאליציע | 872 972 | (1910) |
| 3. | די טיילן פון ליטע**), ווייס־רוסלאנד און וואלין | 800 000***) | (1910) |
| 4. | פויזן, פאמערן און אנדערע טיילן פון דייטשלאנד | 65 000***) | (1910) |
| 5. | ציעשין (עסטרייכישע שלעזיע) | 19 900 | (1910) |
| | סך־הכל | 3 657 872 | |

אזוי ווי די אלע קאַנטן, וואס גייען אריין אין איצטיגן פוילן, האבן אלע שטארק געליטן פון דער מלחמה און האבן בשעת מלחמה געווים פארלאָרן א טייל פון זייער גרונט־באפעלקערונג, מוז מען אננעמען, אז אין 1919־טן יאר איז די אידישע באפעלקערונג געווען ניט קיין סך גרעסער, ווי די גאר וואס צונויפגעשטעלטע טאבעלע ווייזט אן. מיר מיינען, אז די צאל אידן אין איצטיגן פוילן דערגרייכט מאקסימום ביז 3 800 000 נפשות.

גרעסער איז דער טעות פון דער אמעריקאנער טאבעלע בנוגע צו אוקראינע די אמעריקאנער טאבעלע גיט אן פאר אוקראינע אין 1919־טן יאר — 3 300 000 אידן. מיר זיינען זיכער, אז אין אוקראינע איז מער ניט געווען אין 1919־טן יאר, ווי 2½ מיליאן אידן. איצט איז די צאל אידן אין אוקראינע נאך ווייניגער, ווייל אוקראינע האט פארלאָרן א גרויסן שטיק וואָלין; אין די לעצטע דריי־פיר יאר איז געווען גוואלדיג גרויס די שטאַרבליכקייט און זעהר קליין די צאל געבוירענע און, חוץ דעם, זיינען דאך אויסגעהרגעט געווארן פון פאגראמען ניט ווייניגער פון 125 טויזנט אידן.

די היינטיגע רומעניע איז צוזאמענגעשטעלט פון בעסאַראַביע, דאָברודזשע, בוקאָווינע, טראַנסילוואַניע, באַנאַט און טעמעשוואַר. אידן זיינען געווען אין רומעניע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. | אַלט־רומעניע | 241 000 | (1914) |
| 2. | בעסאַראַביע | 250 000 | (1919) |
| 3. | טראַנסילוואַניע | 240 000 | (1919) |
| 4. | באַנאַט און טעמעשוואר | 50 000 | (1919) |
| 5. | בוקאָווינע | 102 919 | (1910) |
| | סך־הכל | 883 919 | |

*) אחוץ דעם טייל פון סוואלקער גוב., וואס איז אריבער צו ליטע.

**) מיט ווילנער ראיאן. ***) בערך.

דער אמעריקאנער יאר־בוך רעכנט אין בעסאראַביע דריי הונדערט טויזנט אידן, ניט דערקלערנדיג, פון וואַנען ער נעמט די דאָזיגע ציפער. אין 1917־טן יאר איז געווען אין בעסאראביע 237 טויזנט אידן; ווען מיר זיין זעהר גאהענט צום אמת, ווען מיר וועלן אננעמען פאר 1919־טן יאר 250 טויזנט אידן. פאר די לעצטע צוויי יאר — פון 1919 ביז 1921 — איז אבער צוגעקומען א גרויסע צאל אידן פון אוקראינע און ביי איצטיגן מאמענט איז מעגליך, אז די צאל אידן אין בעסאראביע גרייכט ביז 300 טויזנט.

בכלל צו גאנץ רומעניע רעכענען מיר, אז אין 1919־טן יאר איז געווען דארטן מאַקסימום 950 000 אידן.

דייטשלאנד האט פארלארן עלזאַס־לאָטאַרינגיע (30 483 אידן) און די טיילן, וואס זיינען אריבער צו פוילן (65 000 אידן). אזוי ווי אין 1910־טן יאר איז געווען אין דייטשלאנד 615 טויזנט אידן, מוז מען אננעמען, אז אין דייטשלאנד איז געבליבן ניט ווייניגער פון 520 טויזנט אידן. ביי איצטיגן מאמענט — אין 1921־טן יאר — ווערט די צאל אידן אין דייטשלאנד דערגרייכן געוויס ביז 575 טויזנט, ווייל חוצן נאטירליכן צוואוקס, וואס איז דאך פאראן ביי די דייטשע אידן, הגם זעהר א נישטיגער, זיינען צוגעקומען מזרח־אידן (פון פוילן, גאליציע און רוסלאנד) ניט ווייניגער פון 50 טויזנט נפשות.

אונגאַרן האט געהאט אין 1910־טן יאר 932 טויזנט אידן. פארלארן האט אונגאַרן:

| | |
|---|---|
| 1. טראַנסילוואַניע*) | 240 000 אידן |
| 2. באַנאט און טעמעשוואר*) | 50 000 „ |
| 3. סלאָוואַקיי**) | 143 545 „ |
| סך הכל | 433 545 |

הייסט עס, אז אין אונגאַרן איז געבליבן ניט ווייניגער פון א האלבן מיליאן אידן. די ציפער פון דער אמעריקאנער טאבעלע איז געוויס ניט קיין ריכטיגע.

טשעכא־סלאָוואַקיי באשטייט פון פאלגנדיגע טיילן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. בעמען | 85 826 | אידן | (1910) |
| 2. מערן | 41 158 | „ | „ |
| 3. שלעזיע | 13 442 | „ | „ |

*) איבערגעגאנגען צו רומעניע.

**) איבערגעגאנגען צו טשעכא־סלאוואקיי.

4. מלאָוואַקיי 143 545 אידן (1910)
5. רומעניע 65 000 „ (1919)
סך־הכל 348 971

די צאל אידן אין גרויס־רוסלאנד איז אנגעוויזן נים ריכטיג. די מחברים פון דער טאבעלע האבן, ווייזט אויס, גערעכנט נאָר די צענטראלע גובערניעס פון רוסלאנד און האָבן נים גערעכנט מאָהילעווער, וויטעבסקער גובערניעס (אהן דווינסקער, לוצינער און רעזשיצער קרייזן, וועלכע זיינען אריבער צו לעט־לאַנד) און זעקס קרייזן פון מינסקער גובערניע, וועלכע רעכענען זיך איצט פאר ראַטן־ווייס־רוסלאנד. אין די נאר וואס אויסגערעכנטע 2½ גובערניעס זיינען פאראן פון 500 ביז 550 טויזנט אידן. אזוי אז אין גרויס־רוסלאנד דארף מען רעכענען ביי 750 טויזנט אידן.

אין לעטלאנד איז דא סך־הכל ביי 100 טויזנט אידן, פון וועלכע 36 טויזנט וואוינען אין ריגע.

ווי מיר זעהען, זיינען כמעט אלע פעלערן פון דער געבראכטער טאבעלע נוגע רוסלאנד אדער געוויסע טיילן פון רוסלאנד. מיט די אויסבעסערונגען, וואס מיר האבן אנגעוויזן, קאן מען די טאבעלע פון אמעריקאניש־אידישן סטא־טיסטישן יאר־בוך אננעמען פאר א גאנץ ריכטיג סטאטיסטיש בילד פון דער צעטיילונג פון אידן איבער דער גארער וועלט.

לויט דער טאבעלע פון אמעריקאניש־אידישן סטאטיסטישן יאר־בוך וועט די צעטיילונג פון אידישן פאלק איבער פארשיידענע וועלט־טיילן זיין פאלגנדיגע:

טאבעלע LV

די אבסאלוטע און רעלאטיווע צאל אידן אין פארשיידענע וועלט־טיילן (1919).

| וועלט־טיילן | אבסאלוטע צאל | % פון אלע אידן |
|---|---|---|
| אייראָפּע | 11 474 668 | 72,68 |
| אמעריקע | 3 496 225 | 22,16 |
| אַזיע | 433 332 | 2,75 |
| אַפריקע | 359 722 | 2,29 |
| אויסטראַליע | 19 415 | 0,12 |
| סך־הכל | 15 783 362 | 100,00 |

די ערשטע טאבעלע (ז. 17) האט אנטהאלטן ידיעות וועגן דער צאל אידן אין פארשיידענע וועלט־טיילן אין ערשטן צענדליג פון 20־טן יארהונדערט; די דאטן פון דער נאר וואס געבראכטער טאבעלע נעהערן מערסטנטיילס צו 1919־טן יאר. ווי מיר זעהען, איז די אבסאלוטע צאל אידן אויסגעוואקסן אי אין אייראפע אי אין אמעריקע. די רעלאטיווע צאל אידן אבער אין די דאזיגע צוויי וועלט־טיילן האט זיך געביטן: אין אמעריקע האט זיך דער חלק פון די אידן פון דער גאנצער וועלט אויפגעהויבן פון 18,24 פראצענט ביז 22,16; אין אייראפע, פאר־קערט, איז ער געפאלן פון 74,71 פראצענט אויף 72,68.

אויבן (ז. 161) האבן מיר געבראכט ידיעות וועגן דער צאל אידן אין צען שטאַטן פון אמעריקע (אין גאנצן זיינען פאראן 53 שטאַטן) אין 1907־טן יאר. די פאלגנדיגע טאבעלע LVI ווייזט אונז די צאל אידן אין די זעלבע צען שטאַטן שפעטער מיט 11 יאר — אין 1918־טן יאר.

טאבעלע LVI

## צען שטאַטן, וועלכע פארמאָגן צוזאמען כמעט 90 % פון אלע אידן אין צפון־אמעריקע (1918).

| שטאַטן | אלגעמיינע באפעלקערונג | פון דעם — אידן | % פון אידן לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג | % לגבי דער גאנצער צאל אידן אין צפון־אמעריקע |
|---|---|---|---|---|
| ניו־יאָרק | 10 646 989 | 1 603 923 | 15,06 | 48,60 |
| פענסילוואַניע | 8 798 067 | 322 406 | 3,66 | 9,76 |
| אילינויס | 6 317 734 | 246 637 | 3,90 | 7,47 |
| מאַסאַשוזעט | 3 832 790 | 189 671 | 4,90 | 5,74 |
| אָגאַיאָ | 5 273 814 | 166 361 | 3,15 | 5,04 |
| ניו־דזשערסי | 3 080 371 | 149 476 | 4,86 | 4,52 |
| מיסורי | 3 448 498 | 80 807 | 2,05 | 2,44 |
| קאָנעקטיקוט | 1 286 268 | 66 862 | 5,10 | 2,02 |
| קאַליפאָרניע | 3 119 412 | 63 652 | 2,04 | 1,92 |
| מערילאַנד | 1 384 539 | 63 642 | 4,52 | 1,92 |
| **ס"ה** | **47 188 482** | **2 953 437** | **6,26** | **89,49** |

מיר זעהען, אז די אלגעמיינע באפעלקערונג פון די דאזיגע צען שטאַטן האט זיך פארגרעסערט ווייניגער פון אנדערטהאלבן מאל, און די אידישע באַפעלקערונג האט זיך פאר דער זעלבער צייט פארגרעסערט כמעט צוויי מאל. אין די דאזיגע צען שטאַטן האט געוואוינט כמעט 90 פראצענט פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאַטן. אינם איינעם שטאַט ניו־יאָרק, וואו אין 1907־טן יאר איז געווען 50,9 פראצענט פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאַטן, איז אין 1918־טן יאר געווען נאר 48,60 פראצענט פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאַטן. מיר מוזן אלזוי דא באמערקן, אז אונזער מיינונג, וואס איז ארויסגעזאגט געווארן אויף ז. 21 וועגן דעם ניו־יאָרקער שטאַט, האט זיך ניט בארעכטיגט.

אין די צען גרעסטע אידישע קהלות פון די פאראייניגטע שטאַטן האבן געוואוינט אין 1918־טן יאר מער פון 72 פראצענט פון אלע אידן פון דער דאזיגער מלוכה. אין איין שטאַט ניו־יאָרק האט געוואוינט כמעט א העלפט פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאַטן.

די טאבעלע LVII גיט אונז די צאל אידן אין די דאזיגע צען גרעסטע אידישע קהלות פון אמעריקע.

קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן זיינען געווען אין 1918־טן יאר אין די פאראייניגטע שטאַטן 31; אין די דאזיגע 31 קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן אין יעדער זיינען געווען אידן אין 1918־טן יאר — 2 742 000 — מער פון 83 פראצענט פון אלע אידן פון די פאראייניגטע שטאַטן.

קהלות, וואס יעדערע פון זיי האט פארמאגט פון 5 ביז 10 טויזנט אידן, זיינען געווען אין 1918־טן יאר אין די פאר. שטאַטן 30 מיט 195 000 אידישע נפשות.

קהלות מיט א צאל אידן פון 2 ביז 5 טויזנט זיינען געווען 35 מיט 101 000 אידישע נפשות.

צום באַדויערן, איז וועגן דער צאל אידן און זייער איינטיילונג אין פארשידענע קאַנטן און אין פארשידענע וואוין־ערטער אין רוסלאנד, אוקראינע און פוילן, וואו ס'איז קאנצענטרירט די מערהייט פון אידישן פאלק, גיטא קיין נייע ידיעות. אמת, אין פארשיידענע אויסגאבן האט מען געבראכט אזעלכע ידיעות, נאר זיי זיינען געבויעט אויף הוילע השערות און אויף אזעלכע קוועלן, וואס האבן, לויט אונזער מיינונג, זעהר א קנאפן ווערט. דעריבער האבן מיר זיך אין גאנצן בוך באנוצט כמעט אויסשליסליך מיט די דאטן פון דער פאלקס־ציילונג פון 1897־טן יאר.

## די צען גרעסטע אידישע קהלות אין די פאראייניגטע שטאַטן פון צפון־אמעריקע.

| שטעט | די אלגעמיינע באפעלקערונג (1917) | די צאל אידן (1918) | % פון אידן לגבי דער אלגעמיינער באפעלקערונג | % פון אלע אידן אין די פאראייניגטע שטאטן |
|---|---|---|---|---|
| ניו־יאָרק | 5 670 167 | 1 500 000 | 26,45 | 45,45 |
| טשיקאַגאָ | 2 521 822 | 225 000 | 8,92 | 6,81 |
| פילאַדעלפיע | 1 750 000 | 200 000 | 11,43 | 6,06 |
| קליוולענד | 750 000 | 100 000 | 13,33 | 3,03 |
| באָסטאָן | 767 589 | 77 500 | 10,09 | 2,34 |
| באַלטימאָר | 595 000 | 60 000 | 10,08 | 1,81 |
| סט. לואי | 850 800 | 60 000 | 7,05 | 1,81 |
| פיטסבורג | 590 000 | 60 000 | 10,16 | 1,81 |
| נעוואַרק | 401 000 | 55 000 | 13,71 | 1,66 |
| דעטרויט | 825 000 | 50 000 | 6,06 | 1,51 |
| **ס"ה** | **14 721 378** | **2 387 500** | **16,21** | **72,34** |

אין 1917־טן יאר און אין 1920־טן זיינען אין רוסלאנד און אין אוקראינע פארגעקומען פאלקס־ציילונגען; די רעזולטאַטן זיינען אבער נאך ניט פארעפנטליכט געווארן. נאר וועגן איינצעלנע שטעט זיינען באקאנט געווארן די רעזולטאטן פון די ציילונגען, און מיט די דאזיגע ידיעות האבן מיר זיך באנוצט. ווייטער ברייננען מיר ידיעות וועגן נאך איניגע שטעט, וואס די רעזולטאטן פון זייערע פאלקס־ציילונגען זיינען ניט לאנג באקאנט געווארן.

אין מינסק זיינען געוועזן אידן:

1. אין 1897־טן יאר 47 562 51,19 % פון דער גאנצער באפעלקערונג
2. „ „ 1917 „ „ 59 615 „ 44,07 „ „ „ „

די אבסאלוטע צאל אידן האט זיך פארגרעסערט אויף א גאנץ פערטל; די רעלאטיווע צאל אידן אבער בנוגע צו דער איבעריגער באפעלקערונג האט זיך פארקלענערט אויף כמעט זיבן פראצענט. ס'איז אויסגעוואקסן שטארק די רעלא־

מיווע צאל פון די פּאָלאַקן. אט איז דער נאציאנאלער צוזאמענשטעל פון מינסק אין די צוויי פעריאדן — סוף פון 19־טן יארהונדערט און אין 1917־טן יאר:

| נאציע | 1897 | 1917 |
|---|---|---|
| אידן | 51,19 % | 44,07 % |
| גרויס־רוסן | 25,82 „ | 26,55 „ |
| פּאָלאַקן | 11,40 „ | 23,40 „ |
| ווייס־רוסן | 8,98 „ | 2,37 „ |
| ליטווינער | 0,05 „ | 0,84 „ |
| אנדערע | 2,56 „ | 2,77 „ |
| ס"ה | 100,00 | 100,00 |

מיר זעהען, אז הגם די אידן זיינען געווארן שוואכער פאר די 20 יאר אין מינסק, נאר דאך בילדן זיי אויך אין 1917־טן יאר א רעלאטיווע מערהייט.

אין וויטעבסק הזרט זיך איבער כמעט די אייגענע ערשיינונג, וואס אין מינסק. די אבסאלוטע צאל אידן האט זיך פארגרעסערט; די רעלאטיווע צאל אבער האט זיך פארקלענערט. אין וויטעבסק זיינען געווען אידן:

1. אין 1897־טן יאר 34 440 52,0 % פון דער גאנצער באפעלקערונג

2. „ 1920 „ „ 36 136 „ 47,4 „ „ „ „

אין מאסקווע זיינען געווען אידן:

1. אין 1897־טן יאר 8 473

2. „ 1920 „ „ 28 025

אין פעטערבורג זיינען געווען אידן:

1. אין 1897־טן יאר 17 251

2. „ 1920 „ „ 23 594

אין 1917־טן יאר און אין 1918־טן באלד נאך דער רעוואלוציע זיינען געווען אין מאָסקווע און אין פעטערבורג א סך מער אידן, נאר דער קריזיס, וואס איז אנגעקומען אין 1919־טן יאר און שפעטער, האט געצוואונגען א סך אידן פארלאזן די צוויי הויפּט־שטעט פון רוסלאנד.

אט דאס זיינען דערווייל די אלע פרישע ידיעות, וואס זיינען באקאנט פון די פאלקס־ציילונגען, וואס זיינען פארגעקומען אין רוסלאנד און אין אוקראינע אין די יארן 1917 און 1920.

# רעגיסטער פון ערטער.

## רשימה פון די הויפט־מקורות, וואס זיינען אויסגענוצט געוואָרן ביים צונויפשטעלן דעם בוך.

1. Первая всеобщая перепись населенія Россійской Имперіи 1897 г.

2. Населенныя мѣста Россійской Имперіи въ 500 и болѣе жителей.

3. Наличное населеніе обоего пола съ указаніемъ числа лицъ преобладающихъ родныхъ языковъ.

4. Б. Д. Бруцкусъ: Статистика еврейскаго населенія по даннымъ переписи 1897 г., СПБ. 1909 г.

5. Еврейская Энциклопедія. 16 т.

6. Jewish Encyclopedia 12 т.

7. Б. Милютинъ: Устройство и состояніе еврейскихъ обществъ въ Россіи, СПБ. 1849 г.

8. Матеріалы для географіи и статистики Россіи (1861—65).

9. Труды Варшавскаго Статистическаго Комитета.

10. Скальковскій: Опытъ статистическаго описанія Новороссійскаго края.

11. Статистическій Временникъ Россійской Имперіи, Серія III, вып. 2.

12. Еврейское населеніе Россіи по даннымъ 1897 года и по новѣйшимъ источникамъ. Изданіе Еврейскаго Статистическаго О-ва. Петроградъ, 1917 г.

13. Формы національнаго движенія въ современныхъ государствахъ. Подъ редакціей Кастелянскаго, 1910 г.

14. Статистическій Ежегодникъ 1913.

15. Zeitschrift für Demographie und Statistik der Juden (1905—1914).

16. Dr. Artur Ruppin: Die Juden der Gegenwart, 1911.

17. Die Juden in Oesterreich. Berlin, Bureau für Statistik der Juden.

18. Die Juden in Rumänien. Berlin, Bureau für Statistik der Juden.

19. Die beruflichen und sozialen Verhältnisse der Juden in Deutschland. Berlin, Bureau für Statistik der Juden.

20. Oesterreichische Statistik. Neue Folge, B. I, Heft I.

21. Oesterreichisches statistisches Handbuch, 1913.

22. Prof. Dr. Józef Buzek: Pogląd na wzrost ludności ziem polskich w wieku XIX.

23. Dr. Edward Grabowski: Rozwój skupień ludności na ziemiach polskich. Lwów.

24. Dr. Bujak: Rozwój gospodarczy Galicyi 1772—1914.

25. А. Закржевскій: Польша. Статистическо—Этнографическій очеркъ. Кіевъ, 1916 г.

26. The American Jewish Year-Book, 5681 september 13, 1920, to ocktober 2, 1921.

27. Rocznik statystyki Rzeczypospolitej polskiej 1920/21, Warszawa.

28. Statistisches Jahrbuch für das Deutsche Reich, 1920.

29. Otto Hübner's geographisch-statistische Tabellen.

30. פֿארשיידענע אָפֿיציעלע סטאטיסטישע אויסגאבן אין פֿארשיידענע לענדער,

# טאבעלעס

# אינהאלט